יהואש

# אין זונן און נעבעל

פארלאג „אויפגאנג“
ניו-יארק

# אינהאַלט

## מאָטיוועז



## אונטער'ן פרייען הימעל

## געזאַנגען און זיפצען

## זוכענדיג



## געטרוימט און געטראַכט

## פראזא־ליעדער



## די שונמית



## לעגענדען און האלב־לעגענדען

# די בת־מלכה

גערוואַנדערט וואַלד־איין און געוואַנדערט וואַלד־אויס —
די בת־מלכה האָב איך געפונען:
איהר פּנים אַזוי ווי די ליכטיגע זונן,
די האָאר ווי פון גינגאָלד געשפּונען...

דער האַלז אַלאַבאַסטער, דער נאַקען ווי שנעע
ערשט ריין פון׳ם הימעל געפאַלען...
די בריסט און די לענדען, ווי וועלען פון מילך
גערויטעלט פון טאָג׳ם ערשטע שטראַהלען...

די ליפּען רובּינען, ווי פּערעל די צייהן,
די פינגער ווי ליליען געפּליקטע;
די אויגען... די אויגען נאָר זיינען געוועזן
דורך כשוף צוזאַמענגעדריקטע...

איך וויים ניט דעם כשוף און וויים ניט דעם שפּרוך,
דורך וועלכען איהר שלאָף ווערט צוריסען;
מיין האַרץ וועט פון ליעבען און שמאַכטען פאַרגעהן —
ווי מאַך איך אַז זי זאָל עס וויסען?...

געוואנדערט וואלד־איין און געוואנדערט וואלד־אוים,
די בת־מלכה האב איך געטראפען ;
איך זיפץ און איך זינג די נשמה זיך אוים —
ווי מאך איך די אויגען איהר אפען ?...

.1912

# פאָלקס מאָטיוו

„מאַמעניא מיינע, מאַמעניא האַרץ,
„בינד אָפּ פון מיין האַלז די קאַרעלען,
„דער קייזער וועט קומען צופאָהרען אַהער,
„און כ'וועל איהם חלילה געפעלען...”

— טאָכטער'ל מיין, טאָכטער'ל גאָלד,
דיין הערצעלע זאָל זיך ניט פלאַגען,
איך וויל ניט דער קייזער זאָל האָבען דיך האָלד,
און דו וועסט קיין ציערונג ניט טראָגען...

„מאַמעניא מיינע, מאַמעניא האַרץ,
„מיין צאָפּ טהו מיר מיאוס פארקעמען,
„דער קייזער וועט קומען צופאָהרען אַהער,
„און שיקען שטאַפעטען מיך נעהמען...”

— טאָכטער'ל מיין, טאָכטער'ל גאָלד,
ער וועט קיין שטאַפעטען ניט שיקען,
איך וויל ניט דער קייזער זאָל האָבען דיך האָלד,
און קניפּ דיר אַ קאָלטען אַ דיקען...

„מאמעניא מיינע, מאמעניא הארץ,
„מיין ווייסע געזיכט טהו פארשמירען,
„דער קייזער וועט קומען צופאהרען אהער,
„און וועט אין זיין פאלאץ מיך פיהרען..."

— טאכטער'ל מיין, טאכטער'ל גאלד,
האב נאר נים קיין מורא אין הארצען,
איך וויל נים דער קייזער זאל האבען דיך האלד,
און וועל דיך מים סאזשע פארשווארצען...

„מאמעניא מיינע, מאמעניא הארץ,
„כ'טהו ביטערע טהרערען פארגיסען,
„דער קייזער וועט קומען צופאהרען אהער,
„וואו קען איך די אויגען פארשליעסען ?..."

— טאכטער'ל מיין, טאכטער'ל גאלד,
אנטלויף ווי א פייל פונ'ם בויגען,
כ'האב מורא דער קייזער וועט קריגען דיך האלד,
ווען ער וועט נאר זעהן דיינע אויגען...

.1913

# דעם יתום'ס מאמע

(לעגענדע)

עס רעגענט און שטורעמט דערוויסען,
אין קעמערעל הויערט די נאַכט,
די אַלטינקע באָבע ביים וויעגעל,
האָט מיעד איהרע אויגען פאַרמאַכט...

דער וואַנד־זייגער קלאַפּט אין א ווינקעל,
עס זומט אין דער פינסטער א פליעג...
דאָס קליינינקע יתום'ל שלאָפט ניט
און שפּיעלט זיך אַליין אין דער וויעג...

און פּלוצים זיך עפענט א פענסטער —
א ווייסע געשטאַלט קומט אַריין...
דעם יתום'ל'ס אויערלעך הערען
א שטימע פון ליעבשאַפט און פּיין: —

„איך קום פון דעם שטורעם צושפּרייזען,
„איך קום פון דעם רעגען צוגעהן,

„איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר, קינד מיינס,
„און קען נים מעהר בלייבען אליין...

„קום, קינד, אויף די הענד פון דער מאַמען,
„מיר וועלען אַרוים אויף שפּאַציר,
„איך וועל אויף מיין הארצען דיך טראָגען,
„און טוליען דיין קעפּעל צו מיר...

„כ׳וועל מיינע תכריכים צוריסען,
„און נעהען דיר ווינדעלעך שעהן,
„מיין בעט איז געראַם פאַר אונז ביידען,
„און קיהל איז מיין קישען פון שטיין...

„דער ווינד אויפ׳ן גרויסען בית־עולם,
„ווערט קיינמאָל נים זינגענדיג מיעד,
„און ליעגענדיג אונטען אין קבר,
„דיר נאָכזינגען וועל איך זיין ליעד...״

דאָס יתום׳ל שטרעקט זיינע הענטלעך,
און רופט צו דער ווייסער געשטאַלט...
די באָבע כאַפּט אויף זיך מיט שרעקען —
דאָס קינד ליעגט פאַרגליווערט און קאַלט...

.1912

# די למד־וואָו

ווער ווייס וואו זיי וואוינען און וואָגלען אַרום,
די הייליגע לייט זעקס און דרייסיג,
געפייניגט פון נויטה און פון הונגער געפּלאָגט,
גאָט׳ס ווילען ערפילענדיג פלייסיג ?...

אין שמאָטעס געקליידט, אויף די לענדען אַ שטריק,
ניט בעטענדיג מיטלייד און שוינונג,
פאַרשלינגענדיג שפּאָט און בעגריסענדיג פיין,
— און אָהן דעם מאַרטירער׳ס בעלוינונג

ביים אָל און ביים וואַרשטאַט, ביים רידעל און האַק,
— אין חורבות פאַרפעסטיגט פון שימעל
געפינט זיי דער מלאך וואָס קומט יעדען טאָג
זיי איבערצוצעהלען, פון הימעל...

ער היט זייער מספר, עס טאָר פון דער צאָהל
ניט ווערען אַן איינציגער חסר,
דען זינדיג די וועלט איז, און גרייט איז דער מויל,
פון פינסטערען שטן דעם מסור...

קיים האָבען זיך איינעם די אויגען פאַרמאַכט,
שוין האָט זיך אַ נייער געפונען...
אַזוי ווערט די רייהע פון יסורים און וועה,
פון איינעם צום צווייטען געשפונען...

— — — — — — — — — — — — — —

ווער ווייס וואו זיי וואָגלען די הייליגע לייט,
און טראָגען געדולדיג גאָט׳ס קייטען,
זיין ווילען ערפילענדיג יעדער פאָר זיך
נים וויסענדיג איינער פון צווייטען?...

.1912

# אבו־בען־אַדעם

(פון ליה האַנט.—איבערזעצט פון ענגליש).

אבו־בען־אַדעם האָט אַמאָל ביי נאַכט
אין מיטען פון אַ טיעפען שלאָף ערוואַכט,
און זעהט : זיין צימער איז געטונקט אין שיין,
ווי ס'וואָלט געפילט מיט ווייסע ליליען זיין...
און ס'שטעהט אַ מלאך ביי אַ גאָלדנעם בוך
און שרייבט...

בען אַדעם האָט פון זיין בעזוך
זיך ניט דערשראָקען און געפרעגט איהם דרייסט :
„וואָס שרייבסטו ?..."

אויפגעהויבען האָט דער גייסט
זיין קאָפּ, און איהם געזאָגט מיט מילדער גנאָד :
„די נעמען פון די לייט וואָס דיענען ג אָ ט . . . "
„בין איך פון זיי ?" איהם פרעגט אבו. „ניט דו !"
דער מלאך ענטפערט... דאָך מיט פעסטער רוה
בען אַדעם זאָגט : „דאַן שרייב אין בוך פון גאָלד,
„אַז כ'בין פון ד י וואָס האָבען מענשען האָלד..."

דער מלאך טהוט עס און פארשווינדעט שנעל.
דאך אויף דער צווייטער נאכט ווערט ווידער העל...
דאס גאלד'נע בוך ליעגט ווידער אויסגעשפרייט,
און זעה !... אין ע ר ש ט ע ר רייה בען־אדעם שטעהט...

.1913

# דאס ניטלוס־קינד

(אַ מדרש־מאָטיוו)

קיים איז דאָס וואָרט פון פרעה'ס מויל געפאַלען,
און שקלאַפען איילען דורך די הויכע זאַאַלען,
דער בת־מלכה זיין וואונש צו איבערגעבען: —
„ברינג מיר דאָס פרעמדע קינד, וואָס האָט זיין לעבען
„דיין אונבעצוואונגענעם קאַפּריז צו דאַנקען...״

דער הערשער וואַרט פאַרזונקען אין געדאַנקען...
און טויזענד רויט־געגורטע שוואַרצע ריעזען,
מיט ברייטע שווערדען און מיט לאַנגע שפּיזען,
ווי שטיין־געשטאַלטען שטעהען רונד אַרום איהם...
און פאַר זיין טהראָן זיך בוקען די חרטומים,
זיין וויסטען חלום, גרייט איהם צו ערקלעהרען...
און פרעה רעדט: —

„אַרונטער פון אַ שטערען
„געזעהן אַן אָדלער האָב איך מעכטיג פליהען,
„אין זיינע אויגען איז געווען אַ גליהען,
„וואָס האָט ווי וואַקס מיין אינגעווייד צושמאָלצען,
„און דרעהענדיג זיך אין אַ קרייז אַ שטאָלצען,

„גענידערט האָט ער צו דעם נילוס' וועלען...
„און דאָן האָב איך געהערט פון פיעלע קעהלען
„אַ פרייד־געשריי, און אויף דעם וואַסער'ס ברעגען,
„געזעהן אַ גרויסע מחנה זיך בעוועגען...
„פאַראַוים אין לופט, דער אַדלער איז געפלויגען,
„און אונטען האָט זיך הינטער איהם געצויגען
„דאָס פאָלק־געזעמעל, ביז ער איז געקומען
„צום קעניג'ס פאַלאַץ, און..."

עס האָרכט בענומען

דער כאָר פון די חרטומים —

„...און פון שלומער

„ערוואַכט האָב איך, און איך גערופען צו מיר..."

דער קעניג האָט די ליפען צוגעשלאָסען...
און פּליצים האָט אַ שימער זיך צוגאָסען,
איף פרעה'ס פנים און אויף פרעה'ס היטער...
די הערצער דורכגעלאָפען איז אַ ציטער,
און אַלע בליקען האָבען זיך געווענדעט
צום איינגאַנג — האַלב ענטציקט און האַלב פאַרבלענדעט
פון וואונדער־שיין...

אַ שקלאַפין האָט געטראָגען

דאָס נילוס־קינד... און בלייך און נידערשלאַגען,
די פירסטין איז איהר ליעבלינג נאָכגעגאַנגען...
אַ טהרער איז אויף איהר זיידען־ברעם געהאַנגען;
די יונגע ברוסט אין צווייפעל'ס פויסט געקלאַמערט,
מיט האָפענונג און שרעק האָט ווילד געהאַמערט,
און אין איהר מח האָט אַ שלאַנג געביסען:
„וואָס וועט דער הערשער אין זיין כעס בעשליסען?"

מצרים׳ם קעניג שמייכעלט... פון זיין פנים,
פאַרשווינדען צאָרען׳ס פינסטערע סמנים,
און מילדקייט שמעלצט דעם הערשער׳ס שטרענגען ווילען.
ער נעהמט דעם זויגלינג אויפ׳ן שויס זיך שפּילען,
ער וויקעלט איהם אין זיינע פּורפּור־פאַלטען,
ער לאָזט זיין גרויסען זיגעל־רינג איהם האַלטען,
און ווייזט איהם אויפ׳ן צעפּטער די ברילליאַנטען...

עס שמייכלען אַרום טהראָן־שטוהל די גיגאַנטען,
און פרעה׳ס טאָכטער גיט אָזירים*) לויבען...
דאָך זעה... דער קעניג טרייסעלט... וואוטהיג הויבען
פון אַלע זייטען זיך די וואפען־שפּיצען,
און די חרטומים׳ס בליקען ראַבע שפּריצען : —
דאָס ניל־קינד רייסט מיט זיינע קליינע פינגער,
די קרוין פון קאָפּ דעם מעכטיגען בעצווינגער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

*) עגיפּטישער גאָט.

# נבוכדנאצר

מיט בלומען בעציערט איז דער פּאַלאַץ פון קעניג,
בײַ טישען פון זילבער דאָרט זיצען די געסט,
און מהײערסטע שפּײזען, און װירציגסטע װײַנען,
און טענץ און געזאַנגען בעשעהנען דאָס פעסט...

סאַטראַפּען און פירשטען מיט שנעע אין די לאָקען,
מיט פלאַמען אין ד'אױגען גבורים פון שלאַכט —
פון הונדערט פּראָװינצען פון מזרח און מערב,
אהער האָט דער רוף פון דעם מלך געבראַכט...

„אהן גרענעצען לוסטיג זאָל ה י י נ ט זײַן די מאַהלצײַט,
„און רײצענד די פרױען און שטאַרק דער געטראַנק...
„און װילד זאָלען שפּילען די פלײטען און פױקען,
„און װילד און פאַר'שכור'ט זאָל זײַן דער געדאַנק..."

אזוי איז דאָס װאָרט פון דעם הערשער געװעזען,
און פרײדיג ערפילען די געסט דעם בעפעהל ;
שוין ברענען די באַקען, שוין פינקלען די אױגען,
און ס'טומעלט אין פּאַלאַץ, אַ רױשיגע װעל...

פילט אָן די באַקאַלען, און פילט זיי אָן ווידער,
טרינקט פירסטען, סאַטראַפּען, די גליהענדע זאַפט,
מיט ליפּען בעטרונקענע לויבט דעם בעזיעגער,
וואָס האָט אייך מיט גאָלדענע קייטען פאַרשקלאַפט...

דאָך קעניג פון בבל, בעצווינגער פון פעלקער,
וואָרום ניט געניססטו די לוסט פון דיין שלאָס ?
וואָרום ניט בעריהרסטו די שפּייז אויף דיין טעלער,
און נעהמסט צו דיין ליפּ ניט דעם פּורפּורנעם כוס ?

געפעלט דיר דער טאַנץ ניט פון דיינע שקלאַפינען,
די נאַקעטע גליעדער, די דופטיגע האָאר ?
האָט אפשר דיין אויער אַ פעהלער געפונען,
אין קלאַנג פון דער האַרף, אין געזאַנג פון׳ם כאָר ?...

אַ, קעניג פון בבל, דו שרעק פון די לענדער,
וואָס דריקט אויף דיין מח, וואָס וואָלקענט דיין זינן ?
וואָס קוקסטו פאַרשטאַרט צו דעם פענסטער פון פּאַלאַץ,
און ווענדסט דיינע אויגען מיט אַנגסטען אַהין ?...

אַ, קעניג פון בבל, טיראַן פון נאַציאָנען,
דיך קוויקט ניט די מאָהלצייט, דיך וועקט ניט די פרייד,
אויפ׳ן פענסטער פון פּאַלאַץ, ווי שפינען פון פייער,
זיך האָבען די ווערטער פון נביא פאַרשפּרייט : —

„ווען דורכ׳ן פענסטער פון פּאַלאַץ,
„ווערסט ד ו דעם בלייכען מאָרגען זעהן,

„דאַן וועט דער קעניג פון די וועלטען,
„דיין לאַנגע גרויזאַמקייט פאַרגעלטען,
„און ס'גרויסע וואונדער וועט געשעהן...

„אַ חיה וועסטו פלוצלונג ווערען,
„פאַרשווינדען וועט דיין מענש־געשטאַלט,
„און מיט אַ האָאר־בעוואַקס'נעם רוקען,
„אין מדבר וועסטו זיך פאַררוקען,
„און זיין אַ וואוינער פון דעם וואַלד...

„דאָרט וועט דער לייב דיין חבר ווערען,
„און הויזען וועסטו מיט דעם בער ;
„וועסט אין דער נאַכט דיין נאַהרונג זוכען,
„און וועסט צו מאָל ניט קענען פלוכען,
„נאָר וואָיען וועסטו און ניט מעהר...

„און שרעקען וועט דיך יעדער בויגען,
„און לויפען וועסטו פונ'ם שיין,
„און העלפען וועט דיך מעהר ניט קיינער,
„און בלויז די נעגעל און די צייהנער,
„די וואַפען דיינע וועלען זיין...

„און ווען דער הונגער וועט דיך נאַגען,
„און ברענען וועט דער דורשט דיין שלונד,
„דאַן וועסטו ברומענדיג דערמאַנען —
„ניט קרוין, ניט צעפטער און ניט טהראָנען,
„נאָר ס'עסען פון דיין שטאָל־קנעכט'ס הונד..."

— — — — — — — — — — — — — — —

הויבט הויך די באקאַלען, סאַטראַפּען און פירסטען,
און לויבט און בעזינגט דעם געוועלטיגער׳ס מאַכט,
דער קעניג ער זעהט ניט, דער קעניג ער הערט ניט —
מיט מורא ערוואַרט ער דעם סוף פון דער נאַכט...

.1910

# פריהלינג־טרוים

א טרעל אין דער לופטען, א קנאָספּ אויף א צווייג,
א וואַרעמער הויך אויפ׳ן שטערען —
און ס׳האָט זיך אין האַרצען געעפּענט א נעסט,
און לויז געלאָזט אַלע בעגעהרען...

דערזעה איך, עס שווימט אויפ׳ן הימעל אַרום
א ווייסינקער וואָלקען פון ווייטען —
א הויב און א שפּרונג, און שוין זיץ איך אויף איהם,
און לאָז זיך אַוועק אויף איהם רייטען...

איך פליה איבער טהאָלען און שוועב איבער בערג,
און שטיפענדיג יאָגט מיך א ווינטעל...
שוין גרייך איך אַרויף צו דער ליכטיגער זון,
און פליק מיר פון שטראַהלען א בינטעל...

דאַן פלעכט איך פון זיי אויפ׳ן קאָפּ זיך א קראַנץ,
און בלייבען מיר איבעריג שטראַהלען —
צוואָוואַרף איך זיי רעכטס און צוואָוואַרף איך זיי לינקס,
אויף לאָנקעס און וועלדער און קוואַלען...

און דאַכט זיך, דער פריהלינג בין איך נאָר אליין,
און איך בין דער קעניג פון לעבען,
און וואו נאָר אַ שימער, און וואו נאָר א קווייט,
האָב א י ך פון מיין אוצר געגעבען...

.1913

# מאַי־רעגען

.1

וואָלקענס רוקען זיך צו וואָלקענס,
און אַ באַנדע קומט צוזאַמען —
אָנגעלאָדען פול מיט גנבות,
פון די טייכען און די ים׳ען...

פאַלט אַ שאָטען אויף די פעלדער...
אין דעם נעסט די פויגלען שטומען,
אין דעם זאָמען וואַרט די שפּראָצונג,
אין די קנאָספּען וואַרטען בלומען...

נאָך אַ רגע... וועלען ווערען
אַלע לאָגלען אויפגעריסען,
און די גנבות פון די וואָלקענס,
וועלען בוים און בייט געניסען...

**.2**

דריבלען, דריבלען זיך די וואָלקענס,
אַלץ געדיכטער און אַלץ ראַשער,
לייטערט אויבען זיך דער הימעל,
אונטען ווערט די ערד נתעשר...

בייגט דעם קאָפּ די ברייטע ליפּע,
לאָזט פון רעגען־גוס זיך וואַשען ;
זופּט דער קוסט מיט הונדערט ליפּען,
זוכט דער גראָז וואָס מעהר צו נאַשען...

פון דעם נאַסען גראָז, בשתיקה
לויפט דער רעגען צו דעם גראָבען,
דאָרטען ווערט ער לוסטיג שטראָמען,
און אַליין הנאה האָבען...

## 3.

אָפּגעוואַשן דער לעצטער זכר
פון דער פינסטערער חבריא —
אָטהעמט פריי דער הימעל אויבען,
לאַכט די ערד אַ שפּאָגעל־נייע...

קענטיג ביידע שטאַרק צופרידען:
אויבען איז די בלאָקייט קלערער,
אונטען איז די לאָנקע גרינער,
און געפּלאַצטע קנאָספּען מעהרער...

מאַכט מען זיך איינאַנדער חנ׳דלעך...
שיקט די ערד אַרויף שלוחים:
פליהען הין און הער די שוואַלבען,
פיהרען טרעלענדיג שידוכים...

שיקט צוריק דער הימעל שטראַהלען:
טאַנצען זיי אויף גראָז און בליטהען,
ווערען אַלע טראָפּענס רעגען,
אויף בריליאַנטען אויסגעביטען...

.1913

# אויפ'ן לאנד

## מ אָ ר נ ע ן.

דער לעצטער גאָלדנער שטערען
לעשט אויס זיך אין דער הויך,
אין מזרח־הימעל ציטערט
א ליכט־שטרייף קאַלט און בלייך . . .

דער טייך טויכט מאַט און בלייי־גראָ
אַרויס, פון דונקלען רוים . . .
די בוימער־שפּיצען רוישען,
און טרייסלען אָפּ א טרוים . . .

דער טהוי ליעגט אויף די קוסטעס,
ווי ווייסער ווינטער־פראָסט,
און פריש מיט וואַלד־גערוכען
דאָס ערשטע ווינטעל בלאָזט . . .

א פּאַטש פון שטאַרקע פליגלען,
און ס'קרעהט אַרויס א האָהן ;
א קעלבעל טריקעט ערגעץ : —
דער זומער־טאָג קומט אָן . . .

## מיטאָג.

די לופט איז הייס און ווירציג
מיט בוימער־פּעך גערוך,
אין בלאָען הימעל בלאַנדזשעט
אַ שטרייף פון וואָלקען־פוך...

אויף ד'הויכע טאָפּאָל־שפּיצען
שלאָפט איין דאָס העכסטע בלאַט,
דער טייך הערט אויף זיך בלעזלען,
און שפּרייט זיך העל און גלאַט...

דער סאָד איז שטיל און זוניג,
נאָר ווען־ניט־ווען זיך הערט,
אַ דומפּער קלאַפּ פון עפּעל,
וואָס פאַלען צו דער ערד...

און ווען־ניט־ווען אַ ביען־זום,
ווי עמיץ זינגט פון שלאָף,
און ערגעץ פונ'ם שייער
דאָס קוואָקטשען פון אַן עוף...

## נ א כ ט.

פון דונקלען בארג־וואלד הויבט זיך אויף,
א שטילער זילבער־ראד,
און איבער פעלד און פעלזען פאלט
א ווייכער בלייכער סוד...

דורך קוסט און גראז זיך שלענגלענדיג,
דאס שמאלע טייכעל קריכט,
און שימערט דורך, באלד דא באלד דארט,
בעשפריצט מיט ווייסען ליכט...

און ערגעץ פון דעם בוימער־ים,
פון גרינעם צווייג־געדראנג,
אין איינצ׳גע טרעלען שלוכצט ארויס
א זיסער וועה־געזאנג...

.1911

# וואסער־שפּיגעל

.1

עס האָט זיך פון בענקשאַפט דער הימעל
אין ליכטיגען וואַסער דערטרונקען,
האָט אויבען זיין שאָטען געלאָזען
און ע ר איז אין אָפּגרונד פאַרזונקען...

אויף זאַמד־קישענס אויסגעבעט האָט איהם,
זיין טייך־קאַמעראַד דער געטרייער,
און פרום־שטילע וועלען, איהם זיינען
דעם לויטערען פנים מטהר...

און ס'בויגען אַרונטער צום טייך זיך
די ווערבעס מיט הענגענדע צווייגען,
בעקוקען דעם נפטר דעם שעהנעם,
און וויגען זיך טרויריג און שווייגען...

.2

די זומער־נאַכט, אין ים פאַרליעבט,
האָט טיעף זיך אַרונטערגעבויגען : —
מיין ווילדער ים, מיין שטאָלצער ים,
קום קוש מיר די גאָלדענע אויגען...

איך וועל דיר פון לבנה־ליכט
אַ מאַנטעל אַ זילבערנעם געבען,
נאָר הער דיין ווילדעס רוישען אויף,
דיין קראַכען און שרייען און שטרעבען...

עס ברילט צוריק דער גרויסער ים :
אַ, זומער־נאַכט, כ׳וועל דיך בעזיגען,
ווער ס׳ליעבט מיך וואַרפט זיך אויף מיין האַלז,
און קומט אויף מיין שטורעם־ברוסט ליעגען...

און פאַלסטו אויף מיין בוזעם נאָר,
מיט דיינע בעשטערענטע פליגלען,
דאַן זיי צופרידען וואָס דו וועסט
אין גרויסען אוקיינוס זיך שפיגלען...

.1910

# אין וואלד

איך בין ביי אַ גרויסען געהיימנים געוועז...
כ'האָב דעם אַלטען פאַרפלאָכטענעם וואַלד,
אין זיין הייליגסטער שעה איבערראַשט...
און ס'האָט זיך פון יענעם געהיימנים,
אַ זיידענער שאָטען אַרונטערגעוויקעלט,
און האָט מיין נשמה בעמאַנטעלט,
און דריבעלט זינט דאַן זיך אין דונקעלע פעדעם,
דורך טרוימען פון טאָג און חלומות פון נאַכט.

כ'האָב געבלאָנדזשעט דורך גראָזען און בלומען,
פאַרטונקט ביז די קניע אין דעם גרין־וווייכען רייכטהום,
אַמאָל אונטער סוכות פון פינסטערע סאָסנעס,
אַמאָל אויף אַ זונען־בעשפּרינקעלטער לאָנקע...
ניט־זוכענדיג האָב איך דאָרט אוצרות געפונען,
פון דימענטען שוואַרצע, מגולגל אין יאַגדעס,
און קווייטען־רובינען און בלימלעך־סאַפּירען,
אויף שטענגלעך פון העלען זמאַראַגד...
אין דער הויך האָט געצוויטשערט, אַרום האָט געזומט,
און פון ווייט האָט אַ קוואַק פון פאַרדרעמעלטע זומפּען,

בעגליים וועןֿנים־וועןֿ דאָס געזוים...
און יעטוועדעס ריטעל און בלאָט האָט געניאַנטשעט,
אַ קליינציג און ריהרעוודיג לעבען אויף זיך...

די ליפּען פון יאַגדע־סאַק זאַפּטיג,
אין הערצען אַ וואָרם־בערױשענדע פרייד —
אויף קווייטען זיך האָב איך געמאַכט אַ געלעגער,
און לאַנגזאַם זיך האָבען די ברעמען פאַרמאַכט,
און דער וואַלד־ביען׳ס געזאַנג איז אין חלום אַריבער...

ביז דער אבענד־הויך האָט אין מיין אויער געשושקעט :
„שטעה אויף !... דען דער לוסטיגער טאָג איז געענדיגט,
„און הינטער די בערג ליעגט די גאָלדענע זונן...״

כ׳האָב ערוואַכט : און פאַרביטען געוועזן איז דער וואַלד...
נאָך זומען און זינגען געקומען איז רוה...
און דאָס איבערשטע בלאַט האָט פאַרגליווערט געהאָרכט,
צו דעם רוף פון פאַרבאָרגענע וואָרצלען...

דער אבענד־הויך האָט אין מיין אויער געשושקעט:
„פאַרלאָז אונז ! קיין מענש דאַרף ניט זיין,
„ווען דער וואַלד איז מיט זיך און מיט גאָט...״
דאָך איך בין געבליבען, און שאַטען נאָך שאַטען,
געזעהן זיך צושפּרייטען אויף קוסטעס און גראָז,
ביז דונקעלערהייד איז אַ צווייג אין אַ צווייג,
און אַ שטאָם אין אַ צווייטען פאַרשלונגען געוואָרען —
צוזאַמענגעקוסט אין אַ בונד אַ געהיימען...

און עפּעס האָט אויף מיין נשמה גענידערט,
וואָס מיך האָט דאָס ווינטעל בעשוואָרען,
איך זאָל צו די ליפּען ניט לאָזען...

און שפּעטער, ווען איך בין דורך טהויאיגע זאַנגען,
געגאַנגען צוריק צו דעם שלאָפענדען דאָרף,
געזעהן האָב איך איבער די בוים־שפּיצען הענגען,
אַ געלע און גרויסע לבנה,
וואָס האָט מיך פון ווייטען געהיט,
איך זאָל ניט פאַרראַטהען דעם סוד פון׳ם וואלד...

.1912

# בין השמשות

פארבארגענע פינגער בעדופטען דעם רוים,
א קוויקענדער באלזאם פון ערגעץ נעהמט רינען ;
געהיימע חלומות אין מערב׳ם גארדין,
פון זאפראן און פורפור זיך שפינען . . .

עס הויכט פון אונענדליכע וועלטען א ליעד,
און אייביגע שטילקייטען הויבען אן ריידען ;
די ערד קוסט דעם הימעל און נאכט קוסט דעם טאג,
און גאט פון זיין טהראן קוסט זיי ביידען...

א נעבעל־טול וועבט זיך ארויס פונ׳ם טייך,
און גרייזעלט זיך איבער פארשלאפענע וועלען ;
דער וואסער־פאל פונקעלט מיט בלוטיגען גלאנץ,
און שפרינקעלט מיט רויטע קארעלען...

אויף זיידענע זאנגען פאלט זאפטיג דער טהוי,
אין בלאהליכע שאטענס זיך הילען די טהאלען,
און קענען דעם פערל־קאלירטען געוואנד,
די בוים־שפיצען שארפער זיך מאלען...

די ווערבע הענגט מיעד איהרע צווייגען אראָפּ,
און שלאָגט אין גערויטעלטען וואַסער זיך אָפּ...
א קראַליק לויפט האסטיג אריבער דעם שטעג,
און שפּרינגט דורך די פעלדער אוועק,
ביז ער שימערט פון ווייט ווי א פלעק,
און דאַן ווערט פארשוואונדען
אהין, וואו א בראַנד
האָט דעם ראַנד
פון דעם הימעל געצונדען . . .

פון איהר פלייסיגער יאָגד,
פול געפּאַקט,
א פארשפּעטיגטע ביען קעהרט זיך אום,
מיט א שוואַכען געזום,
צו איהר רוה,
און כאַפּט אויף איהר גאַנג
וואו־ניט־וואו,
נאָך א לעצטען געטראַנק . . .

א פּיפּס און א פלאַטער —
און דאַן ווערט אלץ שטום...
אַנ׳אָטהעם א מאַטער,
פרעסט אוים פון די פלאַנצען,
דעם גאַנצען
געבליבענעם רעשט פון פאַרפום . . .

א. זאג.

יענע פראַכט —
איז עס טאָג,
איז עס נאַכט ? . . .

ס'איז דער חן
פון פאַרגעהן,
ס'איז דער טויט, וואָס איז שעהן...
ס'איז דער גייסט,
וואָס זיך ווייזט
ווען דער קערפּער צופאַלט . . .
ס'איז אַ טאָן, וועלכער שאַלט,
ווען יעדע מוזיק איז פאַרקלונגען . . .
ס'איז דאָס הארץ פון דער וועלט,
וואָס זיין תהום איבערקווועלט,
און איז ביז אַרויף צו די שטערען געדרונגען . . .

ס'איז ניט טאָג,
ס'איז ניט נאַכט —
עס איז עפּעס וואָס שמאַכט...
ס'איז אַ קלאָג,
און אַ שלוכצען פאַרשטיקט...
ס'איז אַ גאָט ביז צו וועהטאָג ענטציקט . . .
ס'איז אַ פרייד,
וועלכע וויינט
שטילערהייד . . .
ס'איז די לוסט און די פּיין,

ס'איז די נאַכט און דער שיין,
וועלכע זיינען פאַראיינט,
און געוואָרען
פון פּאָארען
איז יעדע בעשעהנט . . .

ס'איז אַ שלאָף
און אַ וואַך־זיין צוזאַמען,
ס'איז אַ סוף
און אַן אַנהויב פון ווערען —
אַ לעשען פון פלאַמען,
און אַ צינדען פון שטערען . . .

ס'איז אַ ליוב און אַ דאַנק,
און עס איז אַ בעגעהרען . . .
עס איז אַ געזאַנג,
און אַ האָרכען און הערען . . .

ס'איז אַ וועל,
וועלכער האָט זיך צוגאָסען,
און שימערט און שוימט . . .
ס'איז אַ זעעל,
וועלכע האָט זיך פאַרשלאָסען,
און טרויערט און טרוימט . . .

.1911

# דער שטיין

אום זומער, אין פעלד
בין איך איינמאָל געגאַנגען...
געפּיפּסט און געטרעלט
האָט אַרום מיר אַ וועלט
פול געזאַנגען.
און רוהיג געהאַנגען
דעם הימעל'ס לאַזור
איז פון ברעג ביז צום ברעג,
אָהן אַן איינציגער שפּור
פון אַ שטרייף אָדער אַ פלעק...

דער ווינד,
אַזוי לינד,
ווי דער קוס פון אַ קינד,
האָט מיט בשמים געבלאָזען...
און איבער די קעפּ
פון די זיידענע גראָזען,
און רונצלענדיג טרעפּ
אין דעם העלען געוועב
פון די זוניגע זאַנגען —

דאָ גרין,
דאָ בורשטין,
און דאָ גאָלדיג און געל —
איז אַריבערגעגאַנגען
אַ וועל נאָך אַ וועל...

און פרעמד, ווי געפאַנגען,
און קעגען זיין ווילען,
געקייט
צו דער פרייד,
און דעם מונטערען שפּילען
פון זומער אַרום —
געלעגען אַליין,
איז אַ שטיין...
אַזוי פינסטער און שטום
ווי דער טויט ;
אַזוי בלינד, ווי די נויט ;
אַזוי האַרט, אַזוי קאַלט,
ווי דעם שיקזאַל'ס געוואַלט —
אַזוי אייביג און אַלט...

און מיר האָט זיך געדאַכט,
אַז דער פראָסטיגער פעלז,
מיט דעם ראָסטיגען פעלץ,
האָט אַ האַרץ,
וואָס איז שוואַרץ,
ווי דעם אשמדאי'ס מאַכט...

און ער גלאַצט
מיט דעם האַס
פון אַ וויסטען וואַמפּיר...
און ער טראַצט
און מאַכט שפּאַס
פון די בלומען און מיר,
און פון אַלצדינג, וואָס שפּראַצט,
און פון איטליכען שטראַהל...
און די קוואַל
פון זיין גאַל
און זיין פינסטערען שפּאַט,
איז אַ סוד,
וואָס ער האָט
אין זיין בוזעם פאַרמאַכט,
און ער ו ו י י ס און ער לאַכט... .

.1913

# הערבסט־מאָטיוו

איך בין אויף טויטע בלעטער
בײַ נאַכט אין וואַלד געגאַנגען,
דורך הוילע צווייגען האָבען
געזיפּט זיך זילבער־זאַנגען:
די שטילקייט פון די שטראַהלען,
איז אין מיין ברוסט געפאַלען...

כ׳האָב ביז צום טייך געוואַנדערט,
און האָב געזעהן די פונקען
פון שטערען שטומען הימעל,
אין טויטען טייך זיך טונקען...
איך האָב פאַרטייטשט די שטערען:
הער אויף דיין קליין בעגעהרען...

דער ווינד האָט לייכט געבויגען
די געלע וואַסער־שטענגלעך,
און עמיץ האָט געשעפּטשעט:
דער פריהלינג איז פאַרגענגליך,
ס׳פאַרגעהט דעם אָסיען׳ס טרויער —
ניט האָף און ניט בעדויער...

איך בין אויף טויטע בלעטער,
פון וואלד צוריקגעגאנגען,
דער טהוי אין קאלטע פערעל
איז אויפ'ן גראז געהאנגען:
די רוהה פון וואלד און וועגען,
איז אויף מיין זעעל געלעגען...

.1911

# ש נ ע ק

דער רוים ווערט פארשטומט . . .

פון גראָען פארגליווערטען אויר,
אַנ׳איינציג קליין שנעעלע קומט,
און קריגט באלד אַ חבר,
און ביידע זיך דרעהען
פאמעלעך אראָפּ,
און פאלען אין צווייען
ארויף, אויף אַ קאָפּ
פון אַ נאַקעטען בוים,
ביי דעם זוים
פון אַנ׳איינזאַמען פעלד...
נים מעהר ווי אַ קום ווערט
דערלאַנגט אין דער שטיל,
צי אפשר אַ גרוס־וואָרט
געמורמעלט, אויב פיעל...
דאָן שטאַרבען זיי שנעל און צוגעהען,
דען דאָס איז דער גורל פון ערשטלינגען־שנעען —
נים לאָזען קיין זכר פון זיך אויף דער וועלט...

דערנאָך ווערט עס דיק און געדיכט...
אין לופט דאָס געזעמעל פערמערט זיך,
און לאַנגזאַם אַ שיכט נאָך אַ שיכט,
בעט אויס און צושפּרייט אויף דער ערד זיך...
ביז איטליכער קוסט ווערט בעקליידט
און יעטוועדער בוים ווי אַ בר־מנן שטעהט,
און דאָס בלאַליכע אייז
פון׳ם טייך,
ווערט גלייך
ווי בעפּעלצט מיט אַ פוטער פון ווייס...
און וועגען און שטעגען פאַרשווינדען פון לאַנד,
בעליילעכט און זעלביגען לייכטען געוואַנד,
בעדעקט פון דעם שנעע־קעניג׳ס פאַלע...

דאָך האַסטיג ברעכט אויס אַ בהלה —
שוין פייפט עס און ברומט עס און בילט...
די לופט ווערט געפילט
מיט פלאַנטערס און ווייסע געמישען,
ביז צווישען
דער ערד און דער הימעל,
זיך ווירבעלט און וויכערט אַ ווילדעס געווימעל,
און ס׳האַיעט די וויסטע ממשלה
פון שדים און גייסטער —
דער שטורם איז מייסטער...
ער רייסט זיינע קייטען אַראָפּ פון׳ם האלז,
און געהט מיט׳ן שנעע אויף דער פרעירי אַ וואַלץ,
און אַלץ
קעהרט ער איבער,

דער אײלענדער גבור...
דאָ בעזעמט ער גריבער,
דאָ בויט ער פּאַלאַצען און טורעמס,
אין האַסטיג־פאַנטאַסטישע פורעמס
און מויערט גיגאַנטישע שטיבער...
און באַלד אין אַ וואַהנזין־געשלידער,
זיך קרייזט ער און דרעהט זיך און פלעכט זיך,
און יאָמערט און סווישטשעט און צזיבערט,
און שופּעלט און שאַרט און צושויבערט,
ביז איטליכער בנין צוברעכט זיך,
און פאַלט אין אַ הויפען אַנידער,
צי ווערט אין די וואָלקענס געהויבען,
אין פוכיגע שטיקלעך און שטויבען...

און שוין איז דער ווירבעל צופלויגען...
פערצויגען
מיט לעבליכען ליכט,
ליעגט דער לאַנדשאַפט׳ס געזיכט,
און דימענטען גלאַנצען אויף פעלדער אָהן פלעקען,
און ס׳הויכט איבער ווייסע און ענדלאָזע שטרעקען
דער פראָסט,
ביז ער לאָזט
אַ הייטעל פון זילבער אויף זיי...

און דאָס איז דער שנעע —
אַזוי לויטער און ריין,
אַז ס׳הארץ טהוט אייך וועה,
איהם צו טרעטען ביים געהן...
.1910

# שנעע־רוה

איך האָב זיך דערוואַרט
אויף דעם ווינטער'ס געשאַנק...
און אַהן איל, אַהן געטימעל,
און אויר'דיג־צאַרט,
ווי געפליגעלטע קליינצינקע פּעען,
פליהט און פליהט פון'ם הימעל,
דער ערשטער געדראַנג
פון געפרענזעלטע שנעען...
לאַנג און לאַנג
ציהט די מחנה און ציהט,
זינקט און זינקט,
ווי צום טאַקט פון א ליעד,
וועלכעס עמיצער זינגט,
און איך וויים ניט א וואו...
און אצונדער וועט קומען די רוה
פון די ווייסע פאַרגליווערטע טעג,
אַהן א גראַז, אַהן א פאַרב, אַהן א פלעק...
און פון נאַכטיגע פראַכטיגע שטונדען,
ווען שטערען
אין הימעל, זיך מעהרען
אַהן צאַהל,

און פאַר איטליכען פונק וואָס ווערט אויבען
געצונדען.
ציגדט זיך אָן,
אַ מיליאָן
העלע פונקען אין טהאָל...

בעהאַלטען
אין קאַלטען
געגעה
פון דעם שנעע,
וועלען ליעגען אין טויט אָדער שלומער,
די טרוקענע טרוימען פון זומער...
און אָנקומען וועט
נאָך דעם שפּראָצענדען ציטערען,
נאָך די תמוז־געוויטערען,
נאָך דעם אָסיען'ם געשפּעט —
אַ רוהיגער פּראָסט און אַ שימער אַ שטומער,
דערוויימערט פון פרייד און געלייטערט פון קומער...

אָ, דו שנעאיגע קוויקונג,
ווי גרים איך דיך געדען !...
אין שטאַרען און שווערען
מאָמענט פון בעדריקונג,
ווען גרויזאָם דער ווינד האָט געריסען,
אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט —
ווי ער וואָלט פון דער פליקונג,
אַ תענוג אַ זיסען
געהאַט —

ווי געהאָרט האָב איך דאָן און בעגעהרט,
דו זאָלסט קומען דיין צודעק פאַרשפּרייטען,
און טייטען
דעם טויט־קאַמפּף פון דר'ערד...

ווייסע שטילקייט, אַ דאַנק!
פאַרשלים אין דיין פראָסטיגען שראַנק,
טייך און באַך,
און פאַרמאַך
איטליך שפּעלטעל דורך וואָנען איך קען,
דעם מינדעסטען צאַפּעל פון לעבען נאָך זעהן...

ווייסע שטילקייט, פאַרפראָהרענע רוה,
דעק עס צו, דעק עס צו...

.1912

# שנעע-לעגענדע

עס שנעעט...
שטילערהייד
פון דערויסען זיך טוליען
און קלעפען צום פענסטער,
געקרייזעלטע פליטערלעך שעהנע,
און אינוועניג הוליען
און האבען א יום־טוב די קליינע,
און דריקען די קעפ צו די שויבען...
און איינער, דער קלענסטער,
איז גרייט
מיט אן אויסרוף פון פרייד : —
„עס פליקען מלאכים
די פליגלען פון ווייסינקע טויבען..."

איך נעהם דעם פיער־יאהריגען חכם
צו זיך אויפ'ן שויס,
און קיס זיינע לאקען און זאג : —
דו האסט ניט געטראפען...

די שעהנע און שטילע מלאכים
בעוויזען זיך בלויז,
ווען ס'פינקלען די פיצינקע שטערען,
און ווערען אנטשלאפען
ווען ס'הויבט אן צו גראען דער טאג...
אט איך, זעהסטו, קען שוין
די זאך דיר פיעל בעסער ערקלערען.
דער שנעע איז א חלק
פון הימעל אליין,
וואס לאזט זיך אראפ צו די מענשען,
און קומט יעדען ביום־שטאם און שטיין,
מיט זיין מאנטעל צו בענשען,
און מאכען פאר'יום־טוב'ט און הייליג...

מיט פארוואונדערטע אויגען קוקט אן מיך דאס קינד,
און ווייטער מיין ווייסע לעגענדע זיך שפינט: —

ס'האט זיך טעג נאכאנאנד,
אין א וואלקען־געוואנד
דער הימעל בעדעקט,
און טעגליך דעם וואלד האט ער טרויריג געפרעגט:
„איז דיר נאך א בלאט
פון דעם זומער געבליבען?"
ביז דער וואלד האט איהם אפגעזיפצט מאט:
„איך האב נעכטען אן איינציגס געהאט,
האט היינט עס דער שטורם פארטריבען..."

דאַן האָבען די שטיקער
פון וואָלקען, זיך דיקער
צוזאַמענגעשלידערט,
און טיעף צו דער ערד האָט דער הימעל געגידערט,
און פול מיט רחמנות צום פעלד זיך געווענדט:
„איז ערגעץ דיין בוזעם בעבלומט צי בעגראָזט?"
און דאָס פעלד האָט מיט אומעט געזאָגט:
„כ'האָב אַ לעצטע מוזינקע פאַרמאָגט,
„איז געקומען בעגינען דער פראָסט,
„און ער האָט זי פאַרלענדט..."

און געוועזען איז דער הימעל בעטריבט,
דען ע ר האָט פון תמיד געטריי
די בוימען און לאָנקעס געליעבט,
און ס'איז אַזוי ווייט נאָך געוועזען צו מאַי...
אַ גאַנצע פאַרכמאַרעטע נאַכט,
האָט דער טרויריגער הימעל,
געטרוימט אין זיין דרימעל
פון זייער פאַרשוואונדענער פראַכט,
און אויף מאָרגען געטראַכט און געטראַכט,
ביז ע ר האָט שטאט ז י י
זיך איינגאַנצען צובליהט...
און איטליכער שנעע,
וועלכער פליהט
אין דער לופטען אצונד,
איז אַן אַקאָרשט געעפענטעם בלימעל...

און אזוי וועט עס פאלען א שטונד
אדער צוויי,
ביז נאך הונדערט מאל שעהנער ווי זומער,
וועט ווערען די לאנדשאפט בעקליידט,
און ליעגען אויף דר'ערד וועט א פרומער
און ליכטיגער, ציכטיגער הימעל פארשפרייט...

1911.

# ווינטער

איך הויך פון די שויבען די קוויטען ארונטער,
און קוק אויפ׳ן טהאל־לאנד ארוים: —
א קעגען א פראסטיגער זילבער־לבנה,
זיך גרייזעלט דער רויך פון א הויז...

עס סקריפעט א טריט אויף דעם איינזאמען פעלד־וועג...
עס טונקעלט אין שנעע א געשטאלט...
און איבער דער פרעירי פאנאנדערגעצויגען,
א שאטען א בלאליכער פאלט...

דאך פינזעלט פון ס׳ניי שוין דער פראסט אויף די שויבען...
איך בלייב אין דער פינסטער און טראכט,
פון בלאליכע שאטענס, און שנעאיגע וועלדער.
און זילבער־בעגאסענער נאכט...

.1911

# פארנאכט

רויזרויט איז דער הימעל,
דונקעל ווערט די וועלט...
וואלד און פעלד אנטשוויגען...
אין דער ברוסט א נגון
זים פארטרוימערט טרעלט...

וויטע וועלטען ווערען
נאהענט צו דער זעעל...
טויטע ליפען הויכען,
אלטע בילדער טויכען
פון א נעבעל־וועל...

.1912

# אויפ׳ן שליטען

דער הימעל פול שטערען, די פעלדער פול שנעע,
מירביידע און ענדלאָזע רוימען —
די גלעקעלעך קלינגען, דאָס שליטעלע לויפט:
מיר פאָהרען אין לאַנד פון די טרוימען...

דריק־צו זיך, מיין זיסע, די פערד יאָגען גיך,
מיר האָבען ניט לאַנג מעהר צו רייזען —
באַלד וועט זיך מיט זיבעציג טהורעמס פאַר אונז,
דער פּאַלאַץ פון צויבער בעווייזען...

אָט זעהסט, יענע הויכע, וואָס שטעהען ביים וועג,
בעפּאַנצערט מיט זילבערנע פליטער,
די קעפּ מיט קריסטאַלענע קיווערס בעדעקט? —
דאָס זיינען פון פּאַלאַץ די היטער...

זיי וואַכען ביי טאָג און זיי וואַכען ביי נאַכט,
און לאָזען צום שלאָס ניט דערגרייכען,
און ווער עס וויל קומען צופאָהרען אהין,
מוז געבען די שומרים אַ צייכען...

איצט גיב מיר די הענטלעך און שווער מיר, אז דו
ווערסט נאכטהאן מיין צייבער און שווייגען —
מיר האט א מכשף דעם צייכען געצייגט,
און איך וועל עס ד י ר איצטער צייגען:

„א קום אויף די ליפען, א קוש אויפ'ן האלז,
„און דאן אויף די אויגען א דריטען...״
דער צייכען, מיין זיסע, איז ריכטיג געמאכט,
באלד אפשטעלען וועט זיך דער שליטען...

דער פאלאץ וועט פינקלען מיט טויזענדער ליכט,
און הילכען פון טענץ און געזאנגען,
דער גרייז־גראער קעניג אליין וועט ארויס,
און אונז מיט א שמייכעל עמפפאנגען...

ער וועט אונז פארבעטען אריינגעהן אין שלאס,
און פעען אונז וועלען בעדיענען,
אויף פינקלענדע טעלער, דארט וועלען מיר אלץ,
וואס אונז וועט געלוסטען, געפינען...

און ווען אונזער מאהלצייט געענדיגט וועט זיין,
פארזוכט אלע שפייז און געטראנקען —
צום אנדענק וועט געבען דער צויבערפירסט אונז
צוויי טהייערע דימענט־געשאנקען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער הימעל פול שטערען, די פעלדער פול שנעע,
מיר ביידע און ענדלאָזע רוימען —
דאָס שליטעלע קלינגט, און דאָס האַרץ אין מיר זינגט :
מיר פאָהרען אין לאַנד פון די טרוימען...

.1912

# קום צו מיר

.1

קום צו מיר אין דעם דונקעלסטען ווינקעל פון סאָד,<br>
וואו די זילבערנע נעץ פון דער נאַכט קען ניט פאַנגען,<br>
און איינציגען פונק פון מיין גליהענדען סוד,<br>
ווען ד י ר וועט מיין יוגענד בעלאַנגען...

קום צו מיר וואו דער שמאַכטענדער קאַרשענבוים שנעעט<br>
צו די גראָזען אַרונטער, זיין צודעק דעם ווייסען,<br>
און אין רויזענקנאָספּ לעכצט די געזעפּטיגטע קווייט,<br>
איהר פעסטונג פאַנאַנדערצורייסען...

קום צו מיר אין דער שטילער און ווירציגער נאַכט,<br>
ווי דער קוויקענדער טהוי קומט אויף בלומען און זאַנגען,<br>
קום צו מיר ווי דער רעגען, ווען פעלדער פאַרשמאַכט,<br>
דעם טראַנק פון דעם הימעל פאַרלאַנגען...

קום געליעבטער, און קום מיר אין הארצען אַריין,<br>
דעם הימעל מיט טויזענדער שטערען צוזאַמען,<br>
פאַרשלאָסען מיין אויג און מיין אויער וועט זיין,<br>
און מיין הערץ וועט זיך באָדען אין פלאַמען...

## 2

מיט רויזען בעשפרייט, און מיט דופטען בעשפרענקעלט,
האָב איך דעם מ ז ב ח, מיין זיססטער,
קום נעהם מיך און קלעם מיך מיט מעכטיגע ארעמס,
דו ליעבליכער, גרויזאמער פריסטער...

וועסט טרינקען דעם רויט־הייסען וויין פון מיין יוגענד,
דאָס הייליגסטע רייכטהום מיר רויבען,
און איך וועל זיך הענגען צו דיר אויפ׳ן נאקען,
און קוסען ענטציקט דיך, און גלויבען...

און וועסטו פאַרלאָזען מיך, וועל איך זיך ריהמען,
אַז ד ו האָסט געוועהלט מיך אַלס קרבן,
אַז ד ו האָסט צוערשט דיינע אונטרייע ליפען,
מיט בלוט פון מיין האַרצען געפארבען...

.3

כ'האָב געוואַכט און געקוקט אויף דיין פּנים,
אין רוהיגען שלומער פאַרזונקען,
כ'האָב דורך דיינע פאַרשלאָסענע ברעמען,
דעם גלאַנץ פון די אויגען געטרונקען...

כ'האָב געוואַכט און געהאַרכט צו דיין אָטהעם,
געהערט ווי דיין האַרץ האָט געשלאָגען;
כ'האָב געזעהן אויף די שלאָפענדע ליפען,
א גליקליכען שמייכעל זיך טראָגען...

און אַן אומעט אויף מיר איז געפאַלען —
כ'בין איינזאַם און עלענד געוועזען...
כ'האָב אומזיסט אויף דיין רוהיגען שטערן,
געזוכט דיינע טרוימען צו לעזען...

ווער געוועלטיגט אויף דיר אין דיין חלום,
און וועמען דאַרט שווערסטו צו ליעבען?
האָסטו מ י ך אויף א צווייטער פאַרביטען,
צי ביסטו געטריי מיר געבליעבען?

כ'האָב געוואַכט און געקוקט אויף דיין פּנים,
געגלעט אויף מיין שוים דיינע לאָקען,
כ'האָב געקוסט דיינע שלאָפענדע ליפען,
און מיך האָט דיין שמייכעל געשראָקען...

.1912

# ווי געוואונשען

דיר האבען די געטער געשאנקען א גוף,<br>
  געמאכט פאר גענוס און פאר פריידען,<br>
און  מ י ר  א נשמה פון צארטעסטען דופט —<br>
  מיר טארען זיך ביידע נים שיידען...

און האבען מיר ליפען צוזאמענגעקלעפט,<br>
  און ווען צו מיין הארצען איך ציה דיך,<br>
דאן קוועלען די געטער פון שמחה און ליבט :<br>
  עס איז א געלונגענער שידוך...

.1911

# בײַ'ם טאַנץ

מיר האָבען צום טאַקט פון דער וואַלץ־מעלאָדי,
געשוועבט אין אַ מענשענגעשליעדער,
איך האָב אויף מיין נאַקען דיין גלוט־הויך געפיהלט,
געשפירט דיינע בויגיגע גליעדער...

— װאוּ די געשטאַלטען ? װאוּ איז דער זאַאל ? —
מיר דאַכט זיך, זיי אַלע פאַרשווינדען,
און איך בלויז און דו, צו איינאַנדער געפרעסט,
זיך טונקען אין לעבליכע אינדען...

מיר שווימען און וויגען זיך אום אויף אַ ים,
בעשפרינקעלט פון לאַכענדע וואַלען ;
אַט הייבען מיר אויף זיך, און לאַכען פון פרייד,
אַט זינקען מיר תהום'ווערטס און פאַלען...

—װאוּ די געשטאַלטען ? — װאוּ איז דער זאַאל ?—
איך זעה ניט קיין שפור מעהר פון קיינעם...
נאָר דו און נאָר איך, ליפּ געזיגעלט צו ליפּ,
און גליעדער פאַרפלאָכטען אין איינעם...

.1911

# קייטען

.1

איך האָב פון דיינע ליפּען
דיין הארץ ארויסגעזויגען,
איך האָב דיר די נשמה,
אַרויסגעקוקט פון ד'אויגען...
און וואו דו וועסט איצט וואנדערן,
ליעב־האַרציג קינד, זיי וויסען : —
דו וועסט פון דיין נשמה
זיין אייביג אָפּגעריסען...

איך האָב דיך פעסט פאַרפלאָכטען,
מיט שטריק פון לוסט געקניפּטע,
איך האָב מיט טויזענד רינגען
דיך אַנגעקייט, געליעבטע...
און וועסטו זיך בעפרייען,
קען איך פאַראויס דיר זאָגען : —
וועסט ביז'ן טויט די צייכענס
פון מיינע קייטען טראָגען...

.2

וועסט קוסען פרעמדע ליפּען,
אונ וועסט אָן מיינע דענקען,
וועסט אין אַ צווייטען'ס ארעמס,
אָן מיין אומאַרמונג בענקען...

און וועט דיך עמיץ צערטלען,
דאַן וועסטו ד'אויגען שליסען,
אוּן אין געהיים דעם פיעבער
פון מיינע הענד געניסען...

און וועט דיר עמיץ ליעבע
מיט הייסער שפּראַך ערקלערען,
דאַן וועלען פון די ברעמען,
דיר טריפען שטילע טהרערען...

ע ר וועט די טראָפּענס שלינגען,
און זיך מיט שטאָלץ בעקריינען,
דאָך ד ו וועסט אין דער אמת,
דיין טויטען טרוים בעוויינען...

.1911

# א טויטע רויז

ארויסגעפאלען פון א בוך
איז מיר אין שויס,
א זכר פון א יוגענד־טרוים —
א טויטע רויז...

כ׳האָב ביי דעם בוך געפרעגט : ווי קומט
אהער די בלום ? —
די שורות זיינען שטיל געווען,
דער עבר — שטום...

אויף איינעם פון די בלעטלעך איז
א פלעק געווען...
ס׳האָט עמיצער געוויינט אמאָל,
דאָך וואו ? און ווען ?...

איך האָב די טויטע רויז געקוסט,
געקוסט די טהרער...
ס׳האָט עמיצער געליעבט אמאָל,
דאָך וועמען ? ווער ?...

1912.

# די שטילע

כ׳האָב הייסע ליפּען פּיעל, געזויגען,
איך האָב פון שוואַרצע ים׳ען אויגען
געטרונקען פרײדען און געטרונקען סם׳ען...
און גיפט און גליק צוזאַמען,
שוין זיינען לאַנג אוועקגעפלויגען...

נאָר איינע, אַ געשטאַלט אַ שטילע,
וואָס האָט אין יוגענד׳ס ברען, אפילו
ניט צוגעצויגען מיינע בליקען —
קומט איצט אין טרוים מיך קוויקען,
און מורמעלט איבער מיר אַ תפלה...

.1913

# דער טאַליסמאַן

איך טראָג אין מיין האַרצען פאַרזיגעלט
א וואונדער־קמיע — דיין בילד...
דו האָסט מיך פון לילית'ס טעכטער
בעשירעמט אזוי ווי א שילד...

איך טראָג אויף די פינגער בעפעסטיגט
א רינג מיט דיין נאָמען בעקריצט,
און בין פון דעם שטן'ס פאַרפיהרונג,
אזוי ווי דורך צויבער בעשיצט...

דאָך געהט מיר די שמחה ניט איין גאַר —
איך ציטער פאַר ד י י ן טאַליסמאַן...
קיין שום קעגען ד י ך איז אין ערגעץ
אויף הימעל און ערד ניט פאַראַן...

.1912

# אויפ'ן פעלז

קום זעץ זיך אויפ'ן פעלז מיט מיר,
באלד וועט די בארג־נאכט קומען,
און פילען וועט דער הימעל זיך
מיט שימערענדע בלומען...

און יעדעס בלאט וואס רוישט ארום,
צו אונז אליין וועט ריידען ;
און יעדער פונק וואס גליהט אין גראז,
וועט צינדען זיסע פריידען...

און יעדער שטראם וואס גלאנצט אין ליכט,
פאר אונז אליין וועט פליסען ;
און יעדער טרעל וואס קנאלט פון וואלד,
אונז וועט פארטרויט געריסען...

קום זעץ זיך אויפ'ן פעלז מיט מיר,
קוק טיעף מיר אין די אויגען...
אנטפלעקען וועל איך זיך פאר דיר,
ניט מיד, ניט שוואך געבויגען,

נים ווי איך בין אין מהאל געווען...
נאר שמארק, מים מעכטיגע פארלאנגען,
מים שוימענדיגע טרוימען פול,
מים זומענדע געזאנגען...

מים לוסט־פאנטאנען אין דער ברוסט,
מים שמאלץ וואס טראצט די שטערען,
מים מוטה וואס לאכט פון טוים, און גלויבט
אין ש ט ר ע ב ע ן און אין ו ו ע ר ע ן...

קום זעץ זיך איפ'ן פעלז מיט מיר,
איצט זאלסטו מיך דערקענען,
איצט וועט מיין גאנצע פלאמענוועלט
זיך דרייסט פאנאנדערברענען...

.1911

# אָהן דיר

אַ רגע האָט זיך מיר געדאַכט: —
דו ביסט אַלם לופט־געשטאַלט, פון ווייטע ספערען,
געקומען טהיילען מיין טריאומף,
און האָסט געבענשט דעם לאָרבער אויף מיין שטערן...

איך האָב געפיהלט אַ ווייכען הויך,
געהערט דאָס רוישען פון אַ גייסטער־פליגעל,
און אויף דעם פנים מיינעם האָט
אַ נעבעל ליפּ געפּרעסט איהר זאַנפטען זיגעל..

דאָך שנעל צופלאָסען איז דאָס בילד,
און פון אַ תוהו האָט אַ שטים געדרונגען: —
„לעבט ערגעץ־וואו דער פויגעל־טרעל,
„וואָס האָט אמאָל דעם זומער־וואַלד פאַרקלונגען?...

„לעבט ערגעץ־וואו דער זונענשטראַהל,
„וואָס האָט דיין קאָפּ מיט גאָלד בעשפּונען נעכטען?"

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָן האָב איך פון די האָאר געפּליקט,
דעם פוסטען פוץ פון קראַנץ און בלומען־פלעכטען,

אין קנאָספּ פאַר קנאָספּ, אין בלאַט פאַר בלאַט,
מיט שטאַרער וואוטה געזעהן האָב איך פאַרוויאַנען,
אין שטום אין הארצען ווידערהאַלט :
בלויז איין רעפרען :—„דו ביסט ניט מעהר פאַראַנען"...

.1911

# בענקענים

.1

דאָס זעלביגע פעלד און דער זעלביגער שטעג,
דאָס זעלביגע שושקען און זומען,
עס ריהרט זיך אַ טרוים, און עס וועקט זיך אַ ליעד,
אַ ליעבע געשטאַלט פלאַטערט דורכ׳ן געמיטה,
און שפרינקעלט אין הארצען פאַרפומען...

דאָס זעלביגע פעלד און דער זעלביגער שטעג,
מיר גלוסט זיך אַ קאָרן־בלום נעהמען...
זי פאַסט אַזוי שעהן צו אַ ווייסען געוואַנד...
איך פליק זי אַראָפּ, און איך האַלט זי אין האַנד,
און... געבען זי האָב איך ניט וועמען...

.2

איך געה דורך די בייטען, איך קען זיי פון לאנג,
כ׳זיים איטליכען ווינקעל און ערטעל...
ווי אפט דורכ׳ן טאג און ווי אפט ביי דער נאכט,
מיט לוסטיגען הארצען שפאצירען געטראכט
האב איך אין דעם טהייערען גערטעל...

רעזעדאס און רויזען און טולפען, און מאהן
מיט קליינינקע רויטע גארדינען...
איך ציה דעם גערוך און איך זוך רונד ארום,
איך קוק אין דעם בעכער פון איטליכער בלום,
און וויל א בעקאנטע געפינען...

די רויזען און טולפען זיי קוקען מיך אן:
„דאס מיין איך געווים זייער באבען",
און חוצפה׳דיג חוזק׳ט א גליהענדער מאהן:
„מיר זיינען פון היי־יאהר, וואס געהען אונז אן
„די טויטע וואס דו האסט בעגראבען?"...

.1913

# קעניג אדער שקלאף?

— בין איך דער זיעגער, צי בעזיעגט ?
איך קען עס ניט ענטשיידען :
איין שטארקער כשוף־באַנד פאַרשטריקט
מיט גלייכער מאַכט אונז ביידען...

מיין לאַסטשען דיך, מיין בעטען זיס,
איז שטאַרקער פון בעפעהלען,
און ווען דו קניהסט מיר צו די פיס,
זוך א י ך דיר צו געפעלען...

איך בין אַ מלך אויף דער קייט,
אַ קנעכט מיט קעניג־מינע,
און דו — אַ שקלאַפין וואָס בעשטעהט
אַז זי איז קייסערינע...

.1911

# דער בלייכער זיעגער

געוואקסען איז אמאל א קנאספ
פארשלאסען,
אומזיסט האט זיך דער זונענגלאנץ
צוגאסען...

אומזיסט זי האט דעם מיטאג׳ס גלוט
געמינטערט,
איהר דופטיג הערץ האט ווי אין שנעע
געווינטערט...

אומזיסט בלויז האט דער ווינד, א נאכט
פארשווענדעט,
זי האט פון איהם איהר בשמים־קאפ
געווענדעט...

דאן האט דער בלאסער מארגען זי
געפונען...
און שמאכטענדיג, זיין טהוי־טהרער איז
גערונען...

און זעה... די שטאָלצע האָט ניט מעהר
געהיט זיך : —
ז'האָט קוסענדיג דעם בלייכענ'ס טהרעה,
צובליהט זיך...

.1911

# דערקענט

איך האָב זיך אין איהר בליק גע׳טובל׳ט,
אין זיך געלייטערט ריין,
און שעהנער איז מיין זעעל געוואָרען,
ווען כ׳האָב געזאָגט: „ביסט שעהן”...

דאָך זי האָט אַזוי פרעמד געשמייכעלט —
האַלב פרוי און האַלב אַ קינד . . .
זי האָט געקרייזעלט מיינע לאָקען
און שטיל געזאָגט: „ביסט בלינד”...

און ווען איך האָב מיט פרומע ליפּען
געקושט איהר מאַנטעלס ברעג,
אַ ווילדע איז זי אויפגעשפּרונגען:
„דו מוזט פון מיר אַוועק...

„מיין לייב איז שנעע, מיין בלוט איז לאַווע,
„מיין ליעבע ווי דער ווינד...”
און כ׳בין פון שרעק צוריקגעפאַלען:
איך האָב דערקענט — די זינד . . .

.1911

# וואס דו האסט ניט געקריגען

האָסט מיינע ליעדער מיר גערויבט,
מיט דיינע אויסגעלאָס'נע חן'ען,
דען כ'האָב דיין לאַכען און דיין וויינען,
דיין שמייכעל און דיין טהרער געגלויבט,
און פלעג זיי זינגענדיג בעשעהנען...

דאָך איינס אָן איינציגס איז אין נעסט
פון מיינע ליעדער מיר געבליבען,
און קיינמאָל האָט מיין שקלאָפיש ליעבען,
מיין לעצטע סטראָפע אויסגעפרעסט,
ווען איך האָב בלומען דיר געקליבען...

און סס'ען וועט דיין יאָגד פון לוסט,
ווען דו וועסט זוכען נייע זיעגען,
די קרענקונג — אַז דעם שעהנסטען נגון
וואָס האָט געשלומערט אין מיין ברוסט —
איהם האָסטו קיינמאָל ניט געקריגען...

און וואַקסען וועט דאָס פּראַכט־געזאַנג,
און זאַמלען יאָהרען־לאַנג פאַרפומען,
און וואָס די ז י נ ד  האָט נ י ט  בעקומען,
וועט  א ו נ ש ו ל ד  קריגען צום געשאַנק
מיט פולער האַנד, ווען זי וועט קומען...

.1912

# מיין ווענוס

כ'האָב דורך יאָהרען געזוכט
(ווי עס זוכט יעדער איינער אין יוגענד)
אויף אַלערליי וועגען אַ ווענוס,
און תמיד די פרוכט
פון מיין זוכען געוועזן איז,
אַזיינס וואָס מיך האָט ניט בעגנוגענט...
און זאָגען אַ פריינד פלעגט מיר טעגליך:
דו זוכסט וואָס איז קיינמאָל ניט מעגליך,
דען גלייך מיט דער רויז ווערט געבאָרען,
איהר צווילינג — דער מיאוס'ער דאָרן...

און איך האָב געפייניגט זיך לאַנג,
ביז מיר איז אַריין אַ געדאַנק
און האָט מיר געוויזען דעם וועג: —
כ'האָב געטראַכט אָן די טעג,
ווען אַליין אין אונענדליכע רוימען,
געוועזן איז דער בורא בעטריבט,
פאַרלאָרען אין קנוילען פון טרוימען,
צו קיינעם פון זיי ניט געקניפּט,

און זיין הערץ פלעגט א קומער בעקלעמען,
ווייל ער האט ניט קיינעם געליעבט,
ניט האבענדיג וואס אדער וועמען...
דאן האט ער א חלום פארגליווערט,
און האט עס גערופען „די וועלט"...
ער האט זי מיט הימלען בעקיווערט,
און האט זי מיט שטערען בעהעלט,
און זי איז געווארען זיין פרייד...
און ער האט פון תענוג געלאכט,
און געוואוסט האט ער דאך שטילערהייד,
אז ער האט אליין זי געמאכט,
און זי האט ממילא געמוזט
זיין דאס, וואס זיין הארץ האט געלוסט...

דאן בין איך דערגאנגען דעם סוד,
אז גליקליך דארום איז א גאט,
ווייל אלץ וואס ער ליעבט און ער האסט,
איז דאס וואס זיין מוח פארפאסט,
און האבען פאר איהם קען א האפט,
בלויז דאס, וואס זיין דמיון בעשאפט...

און איך האב פון הוילע פארלאנגען
געמייסטערט א כשוף־געשטאלט,
און אלץ וואס מיין אויג האט געפאנגען,
אין לעבען, אין בילד און געזאנגען,
דאס האב איך געשאנקען איהר באלד,
ביז זי האט פון איטליכער פאלד,
א רעגען פון שעהנהייט געשטראהלט...

און זינט דאַן יעדען טאָג,
זיך פאַרבוק איך און זאָג : —
אָ, שעהנסטע פון פרויען, כ'בין גערען דיין שקלאַף,
דען דו ביסט מיין גאָט און צוגלייך מיין בעשאַף...

.1912

# בעגעגנים

צוויי בליקען זיך האָבען בעגעגענט,
אין זיינען געוואָרען פאַרקנאַסט;
צוויי בליקען אָהן ווערטער, צוזעגענט
איוף אייביג זיך האָבען אין האַסט...

און יענעם מאָמענט האָט אַ סטרונע
איוף תמיד געפּלאַצט אין זיין ברוסט...
און זי איז געוועזען אַן עגונה,
און האָט ניט „נאָך ווער” געוואוסט...

.1913

# די נייע נבואה

„און צו מיר האט זיך א ווארט
פער'גנב'עט און מיין אויער האט
עפעס פון איהם פארנומען".
(איוב ד' י"ב).

...אזוי האָב איך איהם אין מיין דמיון געמאָלט...
אזוי האָט געקלונגען זיין שטימע פאַר מיר,
ווען איך האָב אין דונקעלע שטונדען געוואַרט
פון אימיצען'ס ליפען צו הערען דאָס וואָרט,
וואָס איך האָב אין ז י ך ניט געפינען געקענט...
ווען איך האָב מיט אימעצענ'ס פ אַ ר ט י ג ע ן גלויבען
מיין אייגענע ליידיגקייט פילען געזוכט,
און האָב מיט דעם רייכטהום פון פ ר ע מ ד ע,
מיין פראָסטיגע וויסטקייט בעפלאַנצען געוועלט...
און רונד און אַרום מיר געזעהן האָב איך פיעל
אזעלכע ווי איך... און א שמאַכטענדער בליק
האָט א שמאַכטענדען צ ו ו י י ט ע ן בעגעגענט,
און פוסטקייט אין פוסטקייט געשפיגעלט זיך האָט...

און דאָן אין מיין דמיון אַרויס איז זיין בילד : —
א הויכער, א מעכטיגער איז ער געשטאַנען
אויף ערגעץ א זייל, צי א פעלז, צי א באַרג —

דער יורש פון מויזענד פארשוואונדענע יובלות,
די לעצט־רייפע שפראצונג פון דורות אהן שיעור,
די תמצית־געשמאלט פון גלגולים אהן צאהל...
און פון זיינע אויגען געקוואלען האט רוה,
ווי שיין פון לבנה אויף פעלדער פון אייז...
און אזוי האט געקלונגען זיין שמים,
צו מיר און צו זיי: —

„און מעהר וועט פאר אייך זיך קיין הימעל ניט שפאלטען,
„קיין גאט וועט זיך מעהר ניט אנטפלעקען פאר אייך,
„אין וואונק פון אן אויג, מיט א דונער־און־בליץ,
„און וואונדער־געשאפענע תורות אייך שענקען...
„און ס'וועט קיין פראפעט ניט מעהר פאסטען פאר אייך
„אויף איינזאמע בארג־שפיצען טעג נאכאנאנד,
„און לוחות אייך קריצען מיט וואונדיגע הענד,
„און דאן אין דער טהאל־וועלט ארונטער צו אייך,
„און העלע און ליכטיגע ווערטער אייך געבען,
„זיין הארץ־בלוט אין איטליכען בוכשטאב פון זיי —
„אום אייך, אין די צווישען מינוטען פון פרייד,
„אין ליידיגען רוים פון געננים ביז גענוס,
„א רגע פון צווייפעל, א שאטען פון שרעק,
„אן איינציגען פלאטער פון טויט'ס וויסטע פליגלען,
„א פריהרענדען הויך פון פערצווייפלונג, צו שפארען...

„און ס'וועט ניט קיין פייער־זייל געהן מעהר פאר אייך,
„און טייטען די שלאנגען און באהנען דעם וועג,
„וואס איהר וועט א גלייכען, א גלאטען געפינען,
„און פיהלען זיך זיכער געפיהרט פון פראפעט...

„און שלאָפלאָזע נעכט, יעדער איינער פאַר זיך,
„זיך וועלצען אויף אייער געלעגער וועט איהר
„מיט פיברישע אויגען און קראַנק־רויטע ברעמען,
„פון ספק'ס ניין־קעפּיגע שלאַנגען געביסען...
„און וויסען וועט איהר, יעדער איינער פון אייך,
„אַז איהר מוזט די לוחות זיך האַקען אליין,
„און מוזט אָהן אַ פיהרער די הימלען דערקלעטערן,
„און מוזט אָהן אַ פונק אין די אָפּגרונדען נידערן,
„און נ ע ה מ ע ן און ג ע ב ע ן אַ תורה אליין...

„און קיינעם'ס וואָרט וועט ניט אייך שטיצען דעם מוטה,
„דען אומעטום וועט איהר אַן עכאָ בלויז הערען
„פון אייער געשריי: דעם קרעכין פון אַ פוסטער נשמה...

„און דאַן, ווען פון א י י ג ע נ ע פינסטערע תהום'ען
„נאָך וואָכען, נאָך יאָהרען פון שווערען זיך־ראַנגלען,
„אַ מאַט־העלער פלעק, דאַן אַ שיין, דאַן אַ ליכט,
„אַרויסטאָגען וועט פון דעם פעך־האָריזאָנט —
„און איהר וועט דערשפּירען אַ זיס־זאַנפטע זאַפט,
„וואָס זאַפט דורך'ן מח און שטאַרקט אייער הארץ,
„און לויטערט דעם זינן און פעריונגט דעם געדאַנק —
„דאַן זאָלט איהר פון אייערע לענדען דאָס זאַק־קלייד
„אַראָפּטהאָן, און אויפשטעהן ג ע ב אָ ר ע ן פון ס'ניי...
„דען איהר האָט אַנטפּלעקט אייער גאָט,
„אייער אייגענעם איינציגען גאָט..."

.1911

# פאר גאט'ס מזבח

מיר זיינען ביי דעם שייד־וועג זיך צוגאנגגען:
אין זיינע אויגען האט זיך אפגעשפיגעלט,
דעם נזיר'ס שרעק פאר יוגענד'ס ערשטע דראנגען,
און הארץ און אויער האט ער פעסט פארריגעלט,
פאר אלע פריידען און פארלאנגגען —
ווען א י ך, פון לעבענסלוסט בעפליגעלט,
געיאגט זיך האב פון פעלד צו פעלד,
נאך בלומען און נאך שמעטערלינגען...

און פלעגט אמאל, ווי פון א דונקלער וועלט,
אין מיטען פון מיין לאכען און מיין זינגען,
צו מיר אן עכא פון זיין תפלה דרינגען —
האט פון מיין אויג א מהרער ארויסגעקוועלט,
און כ'האב בעטרויערט זיין פארשוואונדעט לעבען —
געטרויבט פון דר'ערד, דעם הימעל אפצוגעבען...

דאך ווען ביי מיר אין האנד געבליבען זיינען
נאר הויפענס פון פארוועלקטע בלומען,
און אלע זונען האבען אויפגעהערט צו שיינען —
מיט בושה בין איך צו זיין צעלט געקומען,

און פאַלענדיג אַ נכנע צו זיין שוועל,
געבעטען האָב איך: „שענק מיין זעעל
„אַ באַלזאַם־טראָפּען פון דיין שטילען גליק,
„דען איך האָב אַלצדינג אָנגעוואָרען...״

געפאַלען רוהיג איז זיין בליק,
אויף מיין פאַרוויאַנעטען בוקעט,
און אָהן רחמנות און אָהן צאָרען,
זיין אורטהייל האָט ער שטיל אַרויסגערעדט:
„פאַרשפּעטיגט האָט זיך דיין געבעט...
„די קוויטען דיינע זיינען אויסגעשטאָרבען,
„פון יעדער הויכט דער טויטער אָסיען־ריח...
„און ווער ס'קומט דאַ, מוז ברינגען צום מזבח,
„זיין ערשטלינג־בליהונג פאַר אַ קרבן...״

.1912

# בלאנדזשענדיג

איך האָב געבלאָנדזשעט אין דער נאַכט
אויף וויסטע וועגען ;
מיין פוס איז קראַנק פון געהן געוועזן,
מיין הארץ — פון פרעגען...

און מיר אַנטקעגען אין דער נאַכט
איז אָנגעקומען,
אַ וואַנדערער וואָס האָט ביים קלייד
מיך אָנגענומען,

און האָט געזאָגט : „איך זוך אַ שטעג,
„דו מוזט מיך פיהרען..."
זיין וואונש האָט הייסע בליי געטריפט
אויף מיין געהירן,

און כ'האָב מיט שאַנד און וועה גערעדט :
„מיין יתום־ברודער,
„כ'בין ווי אַ שיפעל אויף אַ תהום,
„אָהן ליכט, אָהן רודער...

„כ׳האָב טויזענד וועגען אויספּרובירט
„און ניט געטראָפֿען,
„כ׳האָב טויזענד טרוימען אויסגעטרוימט
„אין פֿאַלשען האָפֿען...

„דאָך קום, מיר וועלען וואַנקענדיג,
„צוזאַמען וואַנדערן,
„און איינעמ׳ס האַנד וועט האַלטען פֿעסט
„די האַנד פֿון אַנדערן..."

ער האָט די פֿינגער קאַלט פֿון מיר
צוריקגעצויגען :
„מיר זיינעןביידע בלינד... וואָס וועט
„חברותא טויגען ?..."

ער האָט מיך איינזאַם שטעהן געלאָזט...
און אין מיין זינען
האָט דומפּ געהילכט : „דו מוזט דיין וועג
„אַ ל י י ן געפֿינען..."

1912.

# א זיעג?

„און ווייסט איהר ווי כ'האָב זיי בעצוואונגען ?

„איך בין ניט מיט קיווער און פאַנצער געקומען,
„מיט בליץ אין די בליקען און שטורעם אין שפּראַך,
„אַ קרוין און אַ פירסטליכען טהראָן צו פערלאַנגען,
„אין נאָמען פון מוטה און מיט פּרעכהייט פון מאַכט...

„איך בין ניט קיין גבור מיט הערש־לוסט געוועזן...

„איך האָב ווי אַ זאַנג אין אַ רוישענדען ווייצפעלד,
„אין איינעם מיט צאָהללאָזע זאַנגען געוויגט זיך ;
„איך בין ווי אַ זאַמד אין סאַהאַראַ געוועזען,
„וואָס ווערט אין אַ זאַמד־זייל אַמאָל צו דער ערד,
„און אַמאָל צו דעם הימעל געטריבען,
„און קיינער קען איהם ניט און ער זיך אליין ניט
„פון גרויסען געדראַנג אונטערשיידען...

„האָב איך אויף מיין ווינציגקייט דאַמאָלס געקלאָגט ? —

„כ'האָב געזאָגט : וואו אַ זונען־סיסטעם איז אַ פּונק,
„וואו אַ מילכ־וועג פון שטערען ניט מעהר ווי אַ שטראָהל,

„און אַ וועלטען־בעשאַפונג — אַ בליה פון אַ קווייט —
„ווער איז גרויס און ווער קליין ? ווער איז פיעל און
ווער ווייניג ?

„דאָך האָב איך אַ קנויל פון חלומות געשפּונען,
„און רוים פאַר מיין שפּינדעל און וועבשטוהל בעדאַרפט...
„איך האָב מיינע פעדעם ניט שטרעקען געקענט,
„וואו עמיצער זאָל ניט מיין זיידוועבק צורייסען...
„דערצו, האָט מען מיר אַ לעגענדע פאַרטרויט,
„אַז ערגעץ אַ צייט און אַן אָרט איז פאַראַן,
„וואו עס קוועלט אַ געזאַנג ווי אַ בת־קול אַרויס,
„און איך האָב געגאַהרט און געלעכצט, יענע ריטהמען
„צו פאַנגען, און זיי אין מיין טרוים־טוך צו וועבען...

„דאַן בין איך אַוועק אין דער ווייט, אין דעם רוים...
„דאָרט האָב איך אַן איינזאַמען ליידיגען מדבר
„פאַר ז י ך אַהן אַן איינציגען שותף געהאַט,
„און דאָרטען געפונען דאָס וואונדער פון וואונדערס:—
„ס'האָט געקלונגען... פון וואַנען ? פון וועמען ? —
„האָט דער ווינד עס צו מיר בין השמשות געבראַכט,
„געוויקעלט אין זיינע בע'בשמים'טע פליגלען ?
„צי האָט עס בעגינען אַרונטערגעגליהט,
„פון מזרח'ס ערוואַכענדען פלאַמען־געזיכט ?
„צי האָט עס דער שטערען פון אבענד געטרעלט,
„ווען איך האָב זיין קיהלענדען שימער בעגריסט ?
„צי אפשר דער דונקעל־געטהורעמטער באַרג־שפּיץ,
„וואָס האָט ביז'ן הימעל דערנעהנטערט די ערד ?...

„כ'האָב געהאָרכט און געהאָרכט און איך האָב ניט
געוואוסט...

„נאָר איין מאָל, אין איינזאַמקייט'ס איינזאַמסטער שטונד,
„ווען מיין אויג האָט ניט ערד און ניט הימעל געזעהן,
„נאָר פאַרטונקט זיך אין זיך און ארונטערגענידערט
„אין אונטער־אוקינוס פון װ ו י ס ע ן און ז י י ן —
„האָט דער אָפּגרונד דעם סוד מיר אַנטפּלעקט : —
„ס'איז מיין א י י ג ע נ ע ש ט י מ ע געוועזן...

„אצונד האָט מיין קול אין דער וויסטע ארויס,
„און ארויף צו די לויטערע הימלען, געיאָויכצט,
„און געטראַכט האָב איך נאָר אַן מיין נייער געבורט —
„אַן מיין אייגענער גרויסער דערלייזונג...

„איז מיין שטים אַזוי הילכיג געוועזן ? —
„זיי האָבען צו מיר אין דער מדבר געוואַנדערט,
„נאָך איין קאַראַוואַן איז אַ צווייטער געקומען...
„זיי האָבען אַ פירסטליכען מאַנטעל געבראַכט,
„און איבער מיין נאַקעטען שולטער געוואָרפען ;
„זיי האָבען מיט אוילען מיין שטערען בעזאַלבט,
„און אין האַנד מיר אַ צעפּטער געדריקט,
„און געבעטען : „אַ פירסט זאָלסטו זיין צווישען אונז"...

„דאַן האָב איך מיין נזיר־גן־עדן פאַרלאָזען,
„און האָב אין מיין הארצען אַ תפלה געשושקעט :
„מיין א י י ג ע נ ע שטים ניט פאַרלאָז מיך...

„און איך בין צוריק אין גזעמעל געוועזען,
„און געדעדט מיט דעם נייעם געפונענעם קול...
„און דערנאך... פלעג איך ווארטען און הארכען, און הארען
„צו הערען דעם אפרוף פון איטליכען ווינקעל...

„דאך הארענדיג, הארכענדיג האב איך פארשוועכט
„און פארשוואכט דאס געוואונענע וואונדער...
„כ'האב געפרעגט : איז נאך עמיצער דא,
„ביי וועלכען איך האב ניט אן עכא געוועקט ? —
„און פרעגענדיג האב איך אן ע כ א געטראכט...

„און די שטים ?...

„ז'האט געצאנקט אין געוואנקט און געשטאמעלט,
און דאן —
„פארשוויגען געווארען...

— — — — — — — — — — — — — — —

„און איך בין מיט צעפטער און קרוין —
„א שמשון אהן לאקען געבליבען..."

.1912

# א תפלה

אַ גרויסער גאָט, דאָס לעבען איז
א ווייסטער ים פון טהרערען,
מיר ווייסען נים פון וועלכען תהום,
נים וואו, געפיהרט מיר ווערען...
מיר שיפען זיך דורך נאַכט און נויטה —
זיי אונזער שטערען...

דער מענש איז גראָז, זיין הארץ איז שפריי,
געווירבעלט פון פאַרלאַנגען ;
אַ פאַלשער טרים און שוין איז ער
צום גיהנום'ס שוועל פאַרגאַנגען —
בעוואַך זיין שוואַכע שטונד און לאָז
די נעץ נים פאַנגען...

די וועלטען שווינדען ווי דער טהוי,
און דורות גלייך ווי שטויבען,
מיר וואַנדערען אויף קברים אום,
און ס'גלאַצט דער טוים פון אויבען —
אַ גאָט, צורייס דאָס חשך־טוך,
שענק ליכט און גלויבען...

ווייז אין דעם טויט דאָס לעבען אונז,
אין פוילען — דאָס געבערען,
אין קאָרצען איצט — די אייביגקייט,
אין שאָלעכץ־בייט — דעם קערן,
און אין דער בלינדער וויסטעניי,
דיין טריט לאָז הערען...

.1911

# א זעהונג

איך האָב איהם ערגעין וואו געזעהן —
איך ווייס ניט וואו און ווייס ניט ווען.

און תמיד ווען מיין הארץ איז קראַנק,
שווימט ער אַרויס מיר אין געדאַנק.

זיין אויג איז מילד, זיין בליק איז העל —
ער לעזט דעם וועהטאָג פון מיין זעעל.

זיין וואָרט פאַלט ווייך ווי מאָרגענטהוי,
איך שלינג עס איין און גלויב און טרוי.

זיין ווילען איז ווי פעלזען פעסט,
זיין הארץ איז ווי אַ וואָר'מער נעסט.

ער גלעט מיך אַז ער זאָגט: „דו ביזט
„אַ לאַם וואָס בלאָנדזשעט אין דער וויסט...

„דער וועג איז שווער און דו ביזט מיעד,
„דאָך איך בין שטאַרק און נעהם דיך מיט..."

ער פיהרט מיך און איך פרעג ניט וואו,
דען וואו ער געהט, געהט מיט די רוח...

און כ'פאָלג איהם וואָס און ווי ער הייסט,
דען וואָס ער זאָגט איז ליכט און טרייסט...

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב איהם ערגעץ וואו געזעהן —
איך ווייס ניט וואו און ווייס ניט ווען...

.1912

# צווייאײניגקייט

ס׳האָט איינער חלומות געשפּונען,
און איינער — פּאַר נאַריש געפונען.
איך האָב אין זייביידען,
מיין אייגענע שטים געהערט ריידען...

ס׳האָט איינער געהאָפּט און געפרעהט זיך,
און איינער — צו־ווײנט שטילערהייד זיך.
כ׳האָב אין הארצען געלעזען: —
איך בין אין זיי ביידען געוועזען...

ס׳האָט איינער געשאַפען אַ גאָט זיך,
און איינער — צוגאָסען אין שפּאָט זיך.
איך בין ווי דורך וואונדער,
געוועזען אין יעדען בעזונדער...

ס׳האָט איינער מיט ליעבע געקוויקט זיך,
און איינער — פון שנאה געשטיקט זיך.
געלעגען בעהאַלטען
בין א י ך אין די ביידע געשטאַלטען...

.1912

# לעבען...

אַ וואונק
פון דער אייביגקייט'ס אויגען...
אַ פונק
צו דעם פייער געצויגען...
אַ שפּריץ
וועלכער לעכצט נאָך דעם ברונען...
אַ בליץ
פון פאַרגעהענדע זונען...

# דער ענטפער

כ׳האָב אין אַ שפּאַלט פון טויטע פעלזען,
גענעהן אַ דאַרען יתום־קוסט :
„ווי קאַלט איז דאָ, ווי פּוסט איז דאָ !
„פאַרוואָרפענער, וואָס טהוסטו דאָ ?...״
זיין ענטפער האָט פאַרקלעמט מיין ברוסט : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ״

כ׳האָב אויף דער הייסער הוילער וויסטע,
גענעהן אַ גראָע קלאַפּער־שלאַנג : —
„פאַרשאָלטענע, וואָס קריכסטו דאָ ?
„וואָס נוצסטו און פאַרריכסטו דאָ ?״
איהר ענטפער ליגט מיר אין געדאַנק : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ״

איך האָב אין מיטען פון אַ זאַמד־וועג
אַ קליין מוראַזשקע־נעסט געזעהן :
„אַ, שוצלאָזע, וואָס בויסטו דאָ,
„אויף וועלכען צופאַל טרויסטו דאָ ?״
דער ענטפער איז אַ שלוכץ געווען : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ״

.1912

# אין דער נידער

די פּיס פאַרוואונדעט פון דעם דערנער־וועג,<br>
צום הויכען באַרג אַרויפגעקלעטערט האָב איך...<br>
כ'האָב מיינע אויערען פאַרזיגעלט פעסט<br>
פאַר דעם געטומעל פון די טהאָלען אונטען...<br>
און אויף דעם שפּיץ, אָ וואו דער אָדלער שפּרייט<br>
אין בלאָען עטהער, פריי די שטאַרקע פליגלען —<br>
געזוכט איהם האָב איך, איהם וואָס האָט פון ווייט<br>
געשימערט ווי דער העלער צפון־שטערען,<br>
און מיט זיין שטראַהל מיין וועג געצייכענט,<br>
און קראַפּט און גלויבען מיר אַריינגעטריפט...

דאָ — האָט מיין האַרץ צו מיר געזאָגט —<br>
וועהט ריין אַראָפּ דעם הימעל'ס אָטהעם,<br>
און ציכטיג גלאַנצט דער אונבעפלעקטער שנעע...<br>
דאָ, אונטער פראָסט און אַייז פאַרהוילען,<br>
שלאָגט יענע סודות־פולע קוואַל,<br>
פון וועלכער ער טרינקט מאַכט און רוהיגקייט..

# דער ענטפער

כ׳האָב אין אַ שפּאַלט פון טויטע פעלזען,
גזעהן אַ דאַרען יתום־קוסט :
„ווי קאַלט איז דאָ, ווי פּוסט איז דאָ !
„פאַרוואָרפענער, וואָס טהוסטו דאָ ?...”
זיין ענטפער האָט פאַרקלעמט מיין ברוסט : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ”

כ׳האָב אויף דער הייסער הוילער וויסטע,
גזעהן אַ גראָע קלאַפּער־שלאַנג : —
„פאַרשאָלטענע, וואָס קריכסטו דאָ ?
„וואָס נוצסטו און פאַרריכסטו דאָ ?”
איהר ענטפער ליגט מיר אין געדאַנק : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ”

איך האָב אין מיטען פון אַ זאַמד־וועג
אַ קליין מוראַזשקע־נעסט געזעהן :
„אַ, שוצלאָזע, וואָס בויסטו דאָ,
„אויף וועלכען צופאַל טרויסטו דאָ ?”
דער ענטפער איז אַ שלוכץ געוועזן : —
כ׳וויל  ל ע ב ע ן . . . ”

.1912

# אין דער נידער

די פּיס פאַרוואונדעט פון דעם דערנער־וועג,
צום הויכען באַרג אַרויפגעקלעטערט האָב איך...
כ׳האָב מיינע אויערען פאַרזיגעלט פעסט
פאַר דעם געטומעל פון די טהאָלען אונטען...
און אויף דעם שפּיץ, אַ וואו דער אָדלער שפּרייט
אין בלאָען עטהער, פריי די שטאַרקע פליגלען —
געזוכט איהם האָב איך, איהם וואָס האָט פון ווייט
געשימערט ווי דער העלער צפון־שטערען,
און מיט זיין שטראַהל מיין וועג געצייכענט,
און קראַפט און גלויבען מיר אַריינגעטריפט...

דאָ — האָט מיין האַרץ צו מיר געזאָגט —
וועהט ריין אַראָפּ דעם הימעל׳ס אָטהעם,
און ציכטיג גלאַנצט דער אונבעפלעקטער שנעע...
דאָ, אונטער פראָסט און אייז פאַרהוילען,
שלאָגט יענע סודות־פולע קוואַל,
פון וועלכער ע ר טרינקט מאַכט און רוהיגקייט..

נאָך פעסטער האָב איך ד'אויערען פאַרדריקט,
און קעהרענדיג די אויגען צו דעם שטומען
לאַזורנעם אָפּגרונד איבער מיר,
געשוואָרען האָב איך נאָך אַמאָל, צו מעקען
דאָס טהאָל־געמורמעל פון מיין זינן...
פון ד אָ ר ט ע ן, פון יענעם אָפּגרונד איבער מיר,
געזאָלט האָט באַלד די שריפט אַרונטערגליהען,
וואָס כ'האָב ביז איצט אין יעדען וואָרט זיינעם
געזעהן זיך שפּיגלענדיג...

גערופען האָב איך : „לעהרער,
„איך בין צו דיר אַנטלאָפען פונ'ם טהאָל...
„און ריייניג דו מיין אויער, איך זאָל הערען
„ווי דו, די שטימע פון דעם הויכען גאָט..."

און מיר אַנטקעגען איז אַ גרייז געקומען...
ער האָט מיך שטום געפיהרט צום ראַנד
פון יענעם פעלז, אַ וואו איך בין געשטאַנען,
ער האָט אָהן ווערטער אויסגעשטרעקט די האַנד,
אַראָפּ צום טומעלדיגען טהאָל...
און דאַן, האָט ע ר, דער נזיר פון די באַרג־שפּיצען,
געזאָגט צו מיר : —

„איך שאַרף דאָס אויער יעדען טאָג,
„און האָרך צום עכאָ פון דעם לעבען א ו נ ט ע ן..."

„און פון דעם תהום אין דר'הויך ?" —

— ...„דער תהום איז פוסט"
גערוועזען איז זיין ענטפער קאַלט און רוהיג —
„דאָרט אין דער נ י ד ע ר, קלאַפּט דאָס האַרץ
„פון יענעם גאָט, וואָס ד ו ווילסט ז ע ה ן . . . "

.1913

# דער אָבן־טוב

אין בערג פֿון קיט, אין טיעפֿע זומפֿען אָהן אָן ענד,<br>
געזוכט אַ דימענט האָט ער אין זיין קראַפֿט פֿאַרשווענדט;<br>
געבויגען זיך פֿון שווערען זוכען האָט זיין קאָרק,<br>
אין ער האָט אַלין געזיפֿט, געזיפֿט דעם גרויסען באַרג,<br>
אין זיינע פֿינגער שוואַרץ געמאַכט אין זומפֿען־לעהם...<br>
אין ווען געוואונקען איהם שוין האָט דעם קבר'ס היים,<br>
דאַן האָט ער זיך צום ערשטען מאָל מיט פֿיין דערוואוסט,<br>
אַז יענער אבן־טוב וואָס איהם האָט זיך געגלוסט,<br>
געלעגען איז די גאַנצע צייט — ביי איהם אין ברוסט...

.1913

# דאס שענסטע ליעד

פערפלאָסען זיינען יאָהרען פיעל, פון יענער צייט,
ווען איך האָב מיינע ערשטע טרוימען, איינגערוימט
אין דיין געטרייען אויער, און מיט ליעבע  ד ו
האָסט מיינע שוואַכע שפּראָצונגען, מיר פון דער ברוסט
אַרויסגעקוסט, און גריסענדיג די פריהע קווייט,
פון מיין ערוואַכענדער און ציטערענדער זעעל,
ערמוטהיגט האָסטו זי און איבער איהר געוואַכט...

און יענע הייליג־זיסע שטונד — געדענקסטו זי ?...
געלעגען זיינען מיר אין שמעקעדיגען גראַז,
בעשאָטענט פון אַ ברייט־פאַרצווייגטען בוים, געלעהנט
איין קאָפּ צום צווייטען, איינגעשלאָסען רונד אַרום,
פון הייכע זאַנגען־װענד, אין אבענד׳ס לעצטען הויך
זיך קוים בעוועגענדיג... די דעמערונג איז שטיל
געפאַלען אויפ׳ן לאַנד, און מיך און דיך געלאָזט,
פאַרטרינקען זעעל אין זעעל, פאַרשטריקען גייסט
מיט גייסט...
מיעךָ האָסטו דאַמאַלס מיר אין אויג אַריינגעקוקט,

און טיעף אריינגעבליקט אין מיין פארבארג'נעם נעסט,
וואו יונגע זעהונגען אהן פליגלען, האבען זיך
געטוליעט, ווארטענדיג אויף דער געבורט פון ווארט...

אויף איין מאמענט, פארשוואונדען איז דער
זונענשטראהל,
וואס האט צו מיר געשמייכעלט שטענדיג פון דיין בליק,
און טרויריג — צערטלענדיג און ווארנענדיג צוגלייך,
געזאגט מיר האסטו מיט א נביא'ס פעסטער שטים : —
„דאס שענסטע ליעד זיינס מוז—אליין דער דיכטער זיין..."

אין יוגענד'ס פרישער בייט, געשלאגען ווארצלען האט
דיין ווארט־זאמען, און איינגעשטעמפעלט אויף מיין זינן
געבליבען איז די טיעפע ווארנונג פון דיין מויל...
און עדות זאגען זאלען יענע שווארצע טעג,
ווען, טריפ־וויז בלוטענדיג, דעם קבר'ס פינסטערנים,
בעגריסט וואלט איך ווי זיסען שיין, ווי הימעל'ס גנאד —
און עדות זאגען זאלען יענע שווערע נעכט,
וואס האבען ווי א גיהנום־אייביגקייט
פון טויטען אהן א שיעור, געצויגען זיך פאר מיר —
ווי כ'האב געטרוימט, ווי כ'האב געלעכצט נאך יענעם
ליעד...

דאך גאט !... ווי האבען גייסטער, בייזע גרויזאמע,
געצויגען און געפליקט מיין לעבען הין און הער,
און גראער טאג פאר טאג, און מיאוס'ער געמאכט,
ביז אויפגעקנוילט, און קרימענדיג פון עקעל זיך,
געלעגען הילפלאז איז מיין גייסט, און צוגעהערט,

ווי שדים־שפּאַט, דיין שטימע ווידערהאַלענדיג : —
„דאָס שענסטע ליעד זיינם מוז—אַליין דער דיכטער זיין...״

און ווען איך האָב בעגעגענט דיך, נאָך יאָהרען פיעל,
אַנטלאָפען בין איך, ווי אַ זינדיגער אַנטלויפט,
דען דיינע אויגען האָבען שטומערהייד געמאָהנט
דאָס ליעד... און  א י ך ? וואָס האָב איך געבען דיר
געקאָנט...

.1913

# דעם פּאָלק'ס אָפּגאָט

(פראַגמענט)

---

אַ גרויסער מדבר־רוים. פוןביידע זייטען רייהען און רייהען פון געצעלטען. אין מיטען אַ גרויסער המון פון מענער און פרויען לוסטיג ליאַרמענדיג און זיך בעוועגענדיג. אין סאַמע צענטער איז אויפגעשטעלט דאָס גאָלדען קאַלב. נעבען דעם קאַלב שטעהט אהרן אָנגעטהאָן אין פּריסטער־קליידער. ער איז בלייך און פאַרטראַכט און קוקט פון צייט צו צייט צו דעם באַרג סיני וואָס זעהט זיך אין הינטערגרונד. פון דעם המון געהען אַלע ווײַלע ארוים פרויען און מענער און בוקען זיך צום גאָלדענעם קאַלב.

---

אהרן:

(שטרעקט אויס זיין האַלז פלוצלינג אין דער ריכטונג פון באַרג, שוידערט צוזאַמען און קרעכצט אַרוים:)

משה...

(דער המון ווערט שטיל. אַלע קוקען נעשפּאַנט צום באַרג אויף וועלכען עס בעוויזט זיך משה, טראַגענדיג די לוחות,

און אַרונטערשטייגענדיג צום טהאַל. אַלע וואַרטען ביז ער דערנעהנטערט זיך. דאַן טהיילען זיי זיך פֿאַנאַנדער און מאַכען פֿאַר איהם אַ וועג דורכצוגעהן).

מ ש ה :

גאָט'ס פּריסטער, וואָס בעדייט דער גאָלד'נער גע'ן ? —

א ה ר ן :

(מיט געבויגטען קאָפּ)

דאָס פֿאָלק, פֿון אונגעדולד גערייצט,
געפּייניגט פֿון אַ שוואַרצער אַנגסט,
האָט ניט געוואָלט מעהר וואַרטען אויף דיין קומען,
און האָט פֿון מיר אַ גאָט פֿאַרלאַנגט...

ש ט י מ ע ן :

אַ גאָט וואָס זאָל אונז פֿיהרען אין דער וויסטעניי...

מ ש ה :

אַ גאָט געשאַפֿען אויף ב ע ש ט ע ל ו נ ג . . .

א ה ר ן :

זיי האָבען פֿון דעם ערשטען מאָרגענשפּראָץ
ביז שפּעט ביי נאַכט דעם באַרג בעלעגערט...
שוין פֿערציג מאָל האָט אויף דעם סיני'ס שפּיץ,
די מאָרגענרויטקייט זיך צושפּיעלט,

און פערציג מאָל האָט הינטער יענעם פעלז,
די גרויסע זונען אַראָפּגענידערט,
זינט דו ביזט פונ׳ם אויג פאַרשוואונדען...
און אַלע הערצער האָט דער צווייפעל
גענאָגט מיט שאַרפע שלאַנגען־ביסען,
און אין די נעכט פלעגט דורך דעם מדבר קלאָגען,
אַ יאָמער פון די טויזענדער געצעלטען:
„דער נביא וועט זיך מעהר ניט ווייזען”...

ש ט י מ ע ן :

„און אייביג וועלען מיר אין מדבר וואַנדערן...”

מ ש ה :

(צו אהרן)

און ד ו ?...

א ה ר ן :

איך האָב אַרום, געזעהן מיריאַדען
פון גליהענדע געזיכטער, שמאַכטענדיג נאָך גאָט,
און האָב געהאָרכט דעם דראַנג פון ששים רבוא...

מ ש ה :

און וואַרטען לענגער האָסטו ניט געקענט...

ש ט י מ ע ן :

מיר האָבען לענגער וואַרטען ניט געקענט...

מ ש ה :

אהן ווארטען און אהן פיין,
האסט דו פאר זיי אין  א י י ן  מאמענט,
א גאט ארויסברינגען געוועלט ?...

א ה ר ן :

דער וואונש איז אזוי שטארק געווען אין פאלק,
אז  א ה ן  מיר איז ער שוין געווען ערפילט...
כ'האב בלויז א ווארט, האלב ווילענדיג,
געלאזען פון די ליפען פאלען,
און שנעל פון העלזער, אויערען און ארעמס,
גערעגענט האבען צירונגען און שמוק...
דער קארגסטער האט געוועלט דער ערשטער זיין,
זיין גאנץ פארמעגען מיר אוועקצושענקען...
דער ארעמסטער האט זיין גע'ירש'ט רינגעל,
אראפגעריסען פון זיין פינגער
און מיר געווארפען צו די פיס,
און אלע שטימען האבען זיך צונויפגעגאסען,
אין איין געוואלדיגען קאסקאד פון קולות :
בעשאף פאר אונז א גאט...

מ ש ה :

און דו ? . . .

א ה ר ן :

איך בין געשטאנען ביי דער פלאם,
און האב געזעהן דאס גאלד צושמעלצען...

דאָס שפּריצען פון דעם קאָכינגען מעטאַל,
דאָס קנאַקען פונ׳ם פייער און די טומלעריי
פון מאַסען, שכּור מיט דער לוסט פון גלויבען,
געהאַלטען האָבען מיך אין כּשוף־צוואַנג...
און דאָן בין איך מיט שרעק צוריקגעשפּרונגען:
אַרויסגעטויכט האָט פון דער גלעער שמעלצונג,
אַ גרויסע אָפּגערונדעטע געשטאַלט —
אַ גאָלדען קאַלב — און אַלע, א י ך מיט זיי,
געפאַלען זיינען אויף די קניע פאַר איהם,
און זיך געבויגען פאַר אַ ג אָ ט,
געשאַפען פונ׳ם פ אַ ל ק אַ ל י י ן ...

מ ש ה:

...אין אַ מינוט ווען זייער ש ר ע ק,
האָט זייער ג ע ל ד ־ ל ו ס ט איבערשטיגען...

א ה ר ן:

...ווען מעהר נאָך ווי דאָס הייסע גאָלד,
געוועזען זיינען אַלע הערצער דורכגעגליהט...

מ ש ה:

דאָס גאָלד ווערט קאַלט, די הערצער — אויך...

א ה ר ן:

דאָך ווען דער גאָט איז איינמאַל שוין געשאַפען?...

מ ש ה :

א גאַס אין א י י ן מאָמענט געבאָרען,
שטאַרבט אין דעם צווייטען אָפּ...
און ווען די הרף־עין־פלאַם,
וואָס פלאַקערט אויף אין א י י ן ברוסט,
אין ט ו י ז ע נ ד אָדער אין מיליאָנען ברוסטען,
זאָל יעדעס מאָל איהר גאַס בעשאַפען —
וואָלט ווי דער מדבר־זאַמד געווען די צאָהל
פון געצען און פון אָפּגעטער...

א ה ר ן :

האָב איך א קראמער'ס שטראָם געזאָלט
בעפעהלען ער זאָל וואַרטען ?...

מ ש ה :

מיין אונגליקליכער ברודער ! ..
כ'האָב יאָהרען לאַנג געקוקט צום בלאָען הימעל,
געוואָנדערט אויף די וויסטע פעלזען,
אַריינגעקוקט אין טיעפע שלוכטען,
געצעהלט די שטערען יעדע נאַכט,
און בלוט פלעגט פון מיין האַרצען רינען
ווען איך פלעג פרעגען — פרעגען נאַכאַנאַנד :
„מיין גאַט, וואו ביזטו ?...
„מיין גאַט, איך וויל דיך זעהן !...”
און ווען ס'האָט קיינער נ י ט בעוויזען זיך,
האָב איך מיין שמערץ פאַרשלונגען,
און האָב געבלוטעט און ג ע ו ו א ר ט . . .

און האָט זיך מיר אַמאָל אַ נעבעל־זעהונג
געוויזען, מיינע צווייפלען צו פאַרטרייבען,
און מיינע אָרעמס האָבען זיך געשטרעקט
זי צו מיין ברוסט צו דריקען,
און גריסען זי אַלס מיין בעפרייאונג,
און רופען זי „מיין גאָט", „מיין הילף" —
האָב איך מיט לעצטע כחות זיך געקרעמפּפט,
און האָב ג ע ו ו אַ ר ט . . . געוואַרט ביז זי
איז ווידער פון מיין אויג פאַרשוואונדען..
און כ'האָב געוואוסט אַז זי איז בלויז
אַ חלום־בילד געוועזן,
אַ טרייסט פון אויגענבליק... און כ'האָב ג ע ו ו אַ ר ט...

א ה ר ן :

(דעמיטהיג)

דאָס פאָלק איז אָבער ניט געבענשט,
מיט דעם פּראָפעט'ס מתנה פון געדולד...

מ ש ה :

און ס'פאָלק קען זיך אַ ל ײ ן ק י י ן ג אָ ט נ י ט
ג ע ב ע ן . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

1912

# פעניקס

דער לעצטער ראַקעט איז אין אויר פאַרגאַנגען,
און שפּאַטיש און קאַלט איז דער הימעל געהאַנגען,
און האָט אייך צו מאָל ניט אַ שטערען פאַרגונען,
צום זכר פון אייערע פלאַמענדע זונען,
וואָס איהר האָט מיט פלוצלינגע וועהען געבאָרען,
און האָט אין אַ פלוצלינגען יאוש פאַרלאָרען...

ס׳האָט געשאָלט און פאַרקלונגען דער צו־פריהער רעש,
ס׳האָט געגליהט און פאַרגליהט און געבליבען איז אַש —
אַ הויפען אַ ווייסער, אַ קאַלטער, אַ שטומער,
דער אָפּשיין פון אייער פאַרגליווערטען קומער,
דער שפּיגעל פון אייער פאַרצווייפלונג און טרויער...

און איצט שטעלט אין רייה זיך, איהר קעמפּפער און בויער,
און קיינער פון אייך זאָל ניט וויינען אַ טהרער,
און זאָל אונזער ה י י ל י ג ע א ש ניט פאַרפלעקען...
דען איצט וועט פאַר אייך זיך אַ וואונדער אַנטפלעקען,
און קיינער פון אייך זאָל פאַרצווייפלען ניט מעהר : —

אַהן רעש, און אַהן שפּריצענדע פונקען און פייער,
ארויס פון דער אַש וועט אַ רוהיגער, פרייער,
בעלעבטער, בעלעבענדער, קרעפטיגער גייסט,
וואָס האָט ניט דעם צוואַנג פון קיין קייטען געפיהלט,
און האָט ניט אין קנעכטשאַפט זיין כח פאַרשפּיעלט,
און בויט וואו ער געהט, און פלאַנצט וואו
ער שפּרייזט...

.1910

# דער לעצטער

אַ, שוואַרצער תהום וואוהין עס ציהט מיין וועג,
גיט וואַנקען וועלען מיינע לעצטע טריט,
ניט בויגען זיך פאַרצווייפעלט וועט מיין קאָפּ,
ניט טרייסלען וועלען מיינע הענד,
ניט פאַלען וועט אויף מיין געמיטה
אַ שאָטען פון דיין תוהו־נאַכט —
ווען איך וועל צו דיין ראַנד זיך נעהנען...

מיין ליעד וועט שפּריצען ליכט־שטראַהלען,
מיין ליפּ וועט טריפען האָפענונג,
און שפּינען וועל איך פּרעכטיגע
חלומות פון מיין אייביגקייט —
ביי דיינע ברעגען שטעהענדיג,
אַ רגע איידער אין דיין שלונד
דו וועסט פאַרשלינגען מיך...

מיין פוס וועט הענגען איבער דיר,
און איך וועל פון פאַרניכטונג לאַכען...
דער גרויסער הימעל איבער מיר,

וועט ליכטיג אויסגעשטערנט זיין,
און פינקלען וועלען דאָרט,
פון דורות הונדערטער די אויגען,
אָרונטערקוקענדיג אויף מ י ר —
דעם יורש זייערען,
דעם לעצט־געבליבענעם...
און פאַלען וועט פון יעדען אויג
צו מיר אַריין, אַ פונק,
אַ הייסער און אַ ברענענדער...
פון טויזענדער מערטירער־הערצער,
אַ גלגול ווערען וועט מיין האַרץ,
און ריידען וועלען מיט מיין צונג,
מיליאָנען גלוטיג־גלויבענדע...
און איך וועל אַלע דורות,
און אַלע צייטען זיין...
דער עבר וועט פולסירען אין מיין בלוט,
און אין מיין ברוסט די צוקונפט וועט,
אין מעכטיגע פאַנטאַנען שלאָגען...

אַ, תהום, וואוהין עס ציהט מיין וואַנדער־וועג!
ניט א י י ן מינוט מיך וועט דיין שרעק פאַרשלאָפען...
מיט פרייען ווילען וועל איך ניט
קיין איינציגען מאָמענט פאַראויס דיר שענקען...
און מעגסטו זיך פאַר מיינע אויגען שפרייטען —
כ׳פאַרלייקען דיך און שווער: דו ביסט נ י ט אַ...

אַ, אונטערגאַנג, וואָס וואַרט אויף מיר!...
כ׳וועל אויף דיין שוועל זיך ריעזיג אויפשטעלען,

און זינגען מיין געזאַנג פון לעבען...
און שווימענדיג אין גסיסה־נעבעל,
וועט זעהן מיין האַלב־פאַרלאָש'נער בליק,
ניט ד י ך — נאָר מיינע צוקונפטס וועלטען,
נאָר מיינע גרויסע טרוימען,
מיט פרייד־געשריי, מיט זיעג־מוזיק,
מיר קומענדיג אַנטקעגען...
און אויף די ליפּען מיינע, שטאַרבענדיג,
דאָס לעצטע וואָרט וועט זיין: —
„איך בין די א י י ב י ג ק י י ט,
„און ווייס ניט פון קיין טויט..."
און אַלע דורות וואָס איך טראָג אין זיך,
דורך מיינע ליפּען וועלען זאָגען:
„מיר ווייסען ניט פון טויט..."

.1913

# זיין גורל

עֶר איז געווען אַ קינד פון זונן,
פאַר ליכט געשאַפען;
עֶר איז געווען צוגלייך דער זוהן,
פון דורות שקלאַפען...

עֶר האָט געלאַכט... זיי האָבען ניט
זיין פרייד פאַרגונען:
זיי האָבען שווארצע נעכט געבריהט,
און עֶר — בלויז זונען...

זיי האָבען פון דער תפיסה איהם
געשיקט אַ קללה...
איצט לאַכט זיין ליעד ניט מעהר — זיין שטים
איז אַ יללה...

.1911

# הונגער

(א טרוים)

---

כ'האָב אַ פינסטערע מחנה פון מענשען אָהן צאָהל,<br>
זיך ציהען און ציהען געזעהן אין אַ טהאָל,<br>
פון אַלערליי פעלקער, פון נאָרד און פון זיד...<br>
און אַלע געזיכטער געווען זיינען מיד,<br>
און קראַנק האָבען אַלעמען'ס אויגען געברענט...<br>
די בגדים צוקאָדערט, קוים האָבען געקענט<br>
פאַרדעקען די ריפען, פאַרטריקענט און געל...<br>
און איבער דער לאַנגער מאַרשירענדער וועל,<br>
אַזוי ווי אַ מורא'דיג־מעכטיגער ווינד,<br>
געברויזט האָט אַ כאַאָס פון קולות אָהן שיעור...<br>
מיט קרעכצען געמישט האָט זיך בילען פון הינד,<br>
און שיפען פון שלענג — מיט דעם ברום פון אַ טהיער...

און האַסטיג פאַראויס, מיט אַ שווערד, האָט געשפאַנט<br>
פון ביינער צוזאַמענגעשטעלט אַ גיגאַנט...<br>
משונה'דיג האָבען די קנאָכענס געקנאַלט,

און איך האָב דערקענט אין דער דאַרער געשטאַלט
דעם הונגער...

און שצירענדיג צייהנער גערעדט
האָט צום וויסטען געזעמעל אָרום, דער סקעלעט :—

„מיין שפּרוך איז אַ פלוך, און אַ טויט־קלייד ·מיין פּאָהן,
„מיין מחנה — אַ הויפען פון ריפען,
„איך זאַמעל אַרמייען פון יעדער נאַציאָן,
„און קום די צושיידטע פאַרקניפען...”

און דאַן האָט געגעבען דער ריעז אַ סיגנאַל,
און ס'האָט זיך פאַרשלידערט אַ טאַנץ איבעראַל —
דער טאַנץ פונ'ם הונגער, דער טאַנץ פון דער נויטה,
דער ה אַ ס וואָס פאַראייניגט, די אחדות פון טויט...

.1913

# דאס ליעד און דער טויט

געוואָרט האָט דאָס ליעד און דער טויט האָט געיאָגט.
דאָס ליעד האָט מיט ביטערע שלוכצען געזאָגט : —

„כ'האָב יאָהרען אָהן מספר געוואָרט אויף זיין שטים,
„און כ'וועל נ י ט־ג ע ז ו נ ג ע ן פאַרבלייבען אָהן איהם..."

דער טויט האָט געלאַכט און געשצירעט די ציינער : —
„ג ע ז ו נ ג ע נ ע האָב איך געזעהן שוין פאַרגעהן..."

דאָס ליעד האָט געוויינט : „כ'בין די קרוין און די פראַכט
„פון אַלצדינג וואָס ער האָט געטרוימט און געטראַכט.."

דער טויט האָט געענטפערט: „דאָס שענסטע נעהם
א י ך..."
און ד'אויגען געשלאָסען דעם דיכטער אויף גיך...

.1912

# אַ קעניג אויף אַ טאָג

דאָס פאָלק אָהן טאָלק האָט אַ קעניג געזוכט,
אין איהם האָט דער צופאַל געבראַכט...
מיר האָבען צוזאַמען מיט זיי איהם געקרוינט,
און חוזק בשתיקה געמאַכט...

זיי האָבען זיין פערד פאַר'ן צוימעל געפיהרט,
און קנעכטיש געקניהט פאַר זיין מאַכט,
און מ י ר, אין די אויגען איהם האָבען געלויבט,
און טיעף אינ'ם האַרצען פאַראַכט...

דען איהם איז צו הערשען געוועזען בעשערט,
ניט מעהר ווי אַ טאָג און אַ נאַכט,
און מיר האָבען אַלע געוואוסט פון'ם סוד,
און האָבען דעריבער געלאַכט . . .

.1912

# האַס

דער אשמדאי האָט פון זיין אויג אַרויסגעבליצט,
און וויטריאָל־רייד האָבען פון זיין צונג געשפּריצט : —

„איך זאָל ניט האסען מעהר ?... דאָך ווער האָט מיר געשענקט
„דעם סם, וואָס מ י ך האַלט אויף, און אייער שוואַכקייט קרענקט ?...

„קוים האָט איהר אין מיין ברוסט אַ שעהנע קנאָספּ דערבליקט,
„מיט שאַרפע טיגער־נעגעל האָט איהר זי צופּליקט...

„און בלאָט פאַר בלאָט האָט איהר אַ בלומען־וועלט צושטערט,
„און פוילענדיג געלאָזט די וואָרצלען אין דער ערד...

„און מיינע טרוימען־קינדער האָט איהר אויסגעשלאַכט
„פאַר מיינע אויגען, און — איהר האָט דערביי געלאַכט...

„דאַן האָט איהר מ י ך, דעם אונפּרוכטבאַרען, בלינד געמאַכט
„פאַר ליכט און האָפענונג, ביז אין פאַרצווייפלונגס שאַכט,

„אהן פויגעל־שטים, אהן הימעל'ס גרוס, אהן זונען־
שטראהל,
„געקנוילט זיך האָב איך, און מיט וואוטה געהערט,
דעם פאַל

„פון מיינע פּאַלאַצען און פון מיין הייליגטהום,
„אין טויזענד וויסטע שטיקער קראַכענדיג ארום...

„און כ'האָב געפלוכט, ווייל פלוכען בלויז האָב איך
געקענט,
„ווי ס'פלוכט דעם תהום דער אונטערגעהענדער אָקרענט...

„און דאַן האָב איך געטאַפּט אין דעם רואינען־שטויב,
„געזוכט אַ רעשט צו ראַטעווען פון אייער רויב,

„ביז פון דער חורבה האָב איך עס אַרויסגעקראַצט...
„און עפּעס האָט ערוואַכט, און עפּעס האָט געפּלאַצט...

„און כ'האָב ניט מעהר געמאָהנט, און כ'האָב ניט מעהר
געפלוכט,
„און כ'האָב ניט מעהר געשפּיאָנט, און כ'האָב ניט
מעהר געזוכט,

„און כ'בין געוואָרען פריי, און לויז פון יעדער לאַסט,
„און שטאַרק אַקעגען גאָט און אייך:
איך האָב געהאַסט...

.1910

# זינד

ביים שוועל פון טעמפעל וואו עס זיצען די גערעכטע,
אויף אלאבאסטער־טהראנען און אין שנעע־געוואנד,
געשטאנען איז ער און שוין אויסגעשטרעקט די האנד
די טהיר צו עפענען, מיט פינגער לאנג־פארשוועכטע;
באלד האט זיין פויסט געזאלט די נעץ צופליקען —
די דיכט־געוועבטע נעץ פון טומאה און פון פלוך...
באלד האט זיין זעעל א לייטערונג, זיין גייסט א תקון
געזאלט געפינען...

פלוצלינג איז דער גיפט־גערוך
פון אויסגעוועפטער שכרות אין זיין נאז געדרונגען...
זי איז געשטאנען און אין זיין געזיכט געלאכט,
און יעדער אויג־פונק א׳הרער האט איהם אפגעשוואכט,
ביז ער איז פול מיט עקעל פון איהר זייט געשפרונגען: —

„דו ביזט די פעסט און איך וויל קרעפטיג ווערען...
„שוין לאנג די שפור פון יענע ווילדע טעג
„אראפגעוואשען האבען מיינע טהרערען...״
דאך זי האט אנגעכאפט זיין מאנטעל׳ס ברעג:

„דו וועסט ניט מעהר אריינגעהן אין דעם טעמפעל,
„נאָר בלייבען וועסטו און מיך האַסען ווי דעם טויט,
„און אויף דיין באַק וועט אייביג ברענען פיעבער־רויט
„דער קוס וואָס כ'האָב דיר אויפגעדריקט אַלס שטעמפעל...

.1910

# דאס ליעד פון סוף

קיין יאָמער־וואָרט איז נים אַרונטער פון זיין צונג...
נאָר שטאָלץ געשטאַנען איז ער אין זיין גאַנצער הייך,
די אויגען טרוקען־טרויריג און דער פּנים בלייך,
און טריף פאַר טריף ווי גליהענדען מעטאַל,
אַריינגעזייהט האָט ער אין איהר די גאַל
וואָס האָט אין איהם געזאָדען:
„דו ביזט יונג,
און דיינע ליפּען גאַהרען דעם גענוּס,
פון ליעבע'ס ערשטען שטוּרעם־קוּס,
פון שטאַרקע אַרעמס וועלכע ווילד און הייס
צוּם ערשטען מאָל בעצווינגען אַ פאַרבאָט'נעם לייב...
געה רויש זיך אָן, און טרייב
דער יוגענד'ס שפּיעל צום ענד, און וויים,
אַז איך בעצאָהל וואָס איך האָב לאַנג פאַרדיענט,
אַצינד ביזט ד ו די שטראָף און א י ך די זינד...
דאָך רינג אין רינג זיך ציהט די קייט,
און דו זיי גרייט,
צו זופּען פון דעם זעלבען בעכער'ס ראַנד,
פון וועלכען איך טרינק איצט מיין שאַנד...

און ווען עס קומט דיין טאָג,
ניט יאָמער און ניט קלאָג,
ניט פליק פאַרצווייפעלט דיינע האָאר,
ניט שנייד זיך דורך די קעהל,
נאָר שלים זיך אַן ווי איך דעם כאָר,
וואָס זינגט ביים טויער פון דער העל,
דאָס ליעד פון זינד און שטראָף —
דאָס ליעד פון סוף...

.1910

# שעהן איז בלויז דער וואַלד

איך האָב געוואַנדערט דורכ'ן וואַלד
אוּן האָב געפרעגט מיט פּיין:
„אויף וועלכען בוים־שטאַם וואַקסט דאָס האָלץ,
„וואָס וועט מיין אָרון זיין?..."

געענטפערט האָט דער גאַנצער וואַלד,
מיט בלעטער אָהן אַ שיעור...
און כ'האָב אין טומעל ניט געהערט,
דעם בוים וואָס רעדט צו מ י ר . . .

נאָר כ'האָב געוואוּסט, אַז ערגעץ וואו
צו מיר זיין שטימע רעדט:
„ביי מיר אין קאָרע־מאַנטעל ליעגט,
„שוין לאַנג דיין קבר־ברעט...

„דען יעדער ב ו י ם אַן אָרון איז,
„און יעדער שטאַם בעהאַלט
„דעם שווארצען טויט פאַר אימעצען,
„און שעהן — איז בלויז דער וואַלד..."

.1911

# דאָס בּוימעל

ער איז ביי דעם וועג־זוים געשטאַנען,
מיט אונטערגאַנג־שטראַהלען בערעגענט,
מיין חבר אין איינזאַמע שטונדען,
מיין איינציגער פריינד אין דעם געגענד:
אַ בוימעל מיט שיטערע צווייגען —
און האָט ווי אַ בוים זיך געזעגענט...

שוין האָב איך די מענשען פאַרגעסען,
דאָס בילד פון דער שטאָדט איז פאַרשוואונדען,
דאָך ענג צו די שטריק פונ'ם הערצען,
דער בוים איז געבליבען געבונדען....
ער זעגענט נאָך אַלץ זיך און זעגענט
אין שטראַהלען פון אבענד געצונדען...

ווי האָט ער געשטרעקט זיינע בלעטער !...
ווי האָט ער געצויגען די צווייגען !...
האָט קענטיג געוואָלט עפּעס זאָגען,
פון עפּעס געוואָלט איבערצייגען...
דאָך ער איז אַ בוים נאָר געוועזען,
און האָט זיך געזעגענט מיט שווייגען...

און קוק איך פֿארנאכט אויפ'ן מערב,
ווען וואָלקען־געשטאַלטען זיך בייטען,
דאָרט זעה איך דאָס איינזאמע בוימעל
פֿון יענע פֿאַרגאַנגענע צייטען...
ער זעגענט און זעגענט נאָך אַלץ זיך,
און נייגט זיך פֿאַראומערט פֿון ווייטען...

.1911

# די ווינטער־פּרעירי

אונ זעהט איהר די פּרעירי פאַרגליווערט אין קעלט,
פאַרדעקט אין איהר שנעאיגען ארון,
דאַן זיפצט איהר און זאָגט : ס'איז אַ בר־מנן וועלט,
„די פּרעירי איז נפטר געוואָרען...״

דאַך אונטער דעם פראָסט־מאַנטעל ליגען פאַרהילט
פון זומער זכרונות און בילדער,
און דאָס וואָס געוועזען איז גלוטיג און ווילד,
זיך לייטערט אַצונד און ווערט מילדער...

און זעהט איהר אַ פויגעל אַמאָל אין דער לופט,
וואָס ה י י ז ע ר י ג פּיפּסט זיינע טרעלען,
און קינצעלט חזנ'יש זיין קול'כעל — ניט פּרופט,
דער פּרעירי אַלס מוסטער איהם שטעלען...

דען ווינטער איז איצט און די פּרעירי זי וואַרט,
און זאַמעלט און זאַמעלט עשירות,
און אַלץ וואָס איז מעכטיג און אַלץ וואָס איז צאַרט,
פאַרבאָרגען אין בוזעם ביי איהר איז...

.1911

# אַן איבּעררַאַשונג

צוויי סאַמעט־הענט׳לעך דעקען צו
די אויגען מיינע מיט אַ מאָל,
ווי ווייכע בלעטלעך פון אַ רויז,
און ס׳קלינגט אַ זילבער־קול : —

„אַ נו זאָג, ט אַ ט ע, ווער דאָ שטעהט ?״
איך קנייטש דעם שטערען און איך טראַכט : —
„די ווייסע קאַטץ ?״ — די קליינע קוועלט : —
„האָסט ניט געטראָפען״... און זי לאַכט.

„די מוהמע ?״ פּרוּף איך פון דאָס ניי,
„ניין, טאַטע, וועסט ניט טרעפען לייכט״...
„דער פעטער שלמה ? —״ ס׳הילכט אין הויז
דער קליינע׳ס לאַכען און זי קייכט...

איך ברעך דעם מח און איך זוך...
„נו זאָג שוין אויס ווער קען דאָס זיין ?...״
די הענטלעך פליהען גיך אַראָפּ,
און איך דערזעה דעם העלען שיין...

און דענקען קענט איהר ווי איך בין
מיט איבעררַאשונג פול געוועזן —
ווען כ'האָב פאַר זיך קיין אַנדערען,
ווי ס'קליינע ליעבע קינד געזעהן...

.1912

# דאָס קראַנקע קינד

געשמייכעלט האָט דאָס מיילכעלע,<br>
פון שלאָף געעפענט האַלב,<br>
געלעגען מאַט דאָס קעפּעלע,<br>
ווי ביי אַ קראַנקער שוואַלב...

געהאַלטען האָט זי צוגעדריקט<br>
צום הערצעלע געטריי:<br>
די ליאַלקע מיט די ברוינע האָאָר,<br>
דעם הונד פון פאַרצעליי...

און אויסגעשפּרייט איהר רייכטהום איז<br>
געלעגען נעבען איהר:<br>
צוויי שפּולכעלעך, דריי בענדעלעך,<br>
פיער קווייטען פון פּאַפּיער...

דאָס האַרץ געוואָרען איז מיר שווער,<br>
און כ'האָב ביים קליינעם בעט —<br>
צום ערשטען מאָל אין יאָהרען פיעל —<br>
געמורמעלט אַ געבעט...

.1913

# דער טהראָן

אין מיין מח אַ לעגענדע
טראָגט זיך, ווי אַ זומער־פאָדעם —
האָב איך זי אַליין געשפּונען,
האָט זי אימעצער דערצעהלט מיר?

ערגעץ — זאָגט זי — הינטער וועלדער
שטעהט אַ פּאַלאַץ פון קדמונים,
אין דעם פּאַלאַץ שטעהט אַ טהראָן־שטוהל,
אויפ׳ן טהראָן אַ קרוין און צעפּטער...

טהראָן און קרוין און צעפּטער וואַרטען,
ביז דער רעכטער מאַן וועט קומען,
און אַ בת־קול הויך וועט הילכען
אַז דער קעניג איז געפונען...

טהראָן און קרוין און צעפּטער וואַרטען,
איבער זיי אַ שפּינוועבס פלעכט זיך,
קיינער קומט זיי ניט צו נעהמען,
און דער שלאָס איז וויסט און ליידיג...

וואַרט דער שלאָס און ראָסט דער צעפּטער,
און דערווייַלע אין די וועלדער,
וואַנדערט אום דער מאַן דער רעכטער,
זוכען יאַגדעס, קלייבען שפּענער...

האָט ער יאַגדעס זאַט געגעסען,
האָט ער זיינע שפּענער פאַרטיג,
לוסטיג דאַנקט ער גאָט אין הימעל,
פאַר די גרויסע חסדים זיינע...

.1913

# אַ פּראָפּעט'ס צרות

„וירע אל יונה רעה גדולה ויחר לו"
(יונה ד' ה').

ביים טויער פון נינוה זיצט יונה און קלאָגט,
און טהרערען פון ד'אויגען איהם רינען,
ער פליקט זיינע האָאר און ער ברעכט זיינע הענד,
און קען זיך קיין טרייסט ניט געפינען —
א ביטערער וועהטאָג צושפּאַלט איהם דאָס הארץ
און וויקעלט אין וואָלקענס זיין זינען...

„אָ, הייליגער נביא געשיקטער פון גאָט,
„ווארום דיינע טהרערען פאַרגיסטו ? —
„האָט נינוה'ן דיין שוואַרצע נבואה דערגרייכט,
„און זי איז געוואָרען א וויסטע ?
„בעוויינסטו אַזעלכע וואָס זיינען פיעלייכט
געפאַלען קרבנות אומזיסטע ?"

דער טרויריגער נביא ווערט טרויריגער נאָך,
און וואַרפט זיך אַזוי ווי אַן אַקון,

ער ווילצט זיך פון צארען און דרעהט זיך פון שמערץ,
און ציפט זיך נאר שטארקער די לאקען,
און ענטפערט:
„צי גלויבסטו, דו נארישער מענש,
„אז מיך וואלט אזוי־וואס דערשראקען?

„וואו האסטו א נביא געזעהן, וואס דער טויט
„פון פעלקער, זאל היבען די רוה איהם?
„פארשילט ער א שטאדט, מוז ער האלטען זיין ווארט,
„און זעהן עס זאל ווערען מקוים...
„דאס אומגליק (דא האט ער זיך פלוצלינג פארהאקט,
געפייניגט פון טיעפע עינויים),

„דאס אומגליק איז אבער וואס היינטיגעס מאל
„פיעל גרעסער און שווערער דער בראך איז,
„און צווישען נביאים געקריגען האב איך
„די ערגסטע פון אלע מערכות,
„דען נינוה וואס איך האב פארשאלטען צום טויט,
„איז פריש און געזונד, אויף צו להכעיס . . . "

.1912

# נאך דעם קריעג

אונ ווען דער וואַמפּיר פון נאַציאָנען
ווערט האָבען ביז זאַט זיך געזויגען,
מיט בלוט פון געטייטעטע לעגיאָנען —
ווען ס'ווערט ליעגען אויף בערג
פון הרוגים, געבויגען
און שטומפּף, פון זיין טייפעלשען ווערק,
דער בעפּורפּורטער שווערד —
ווען דעם מויל צו דער ערד,
וועלען ליעגען די קאַלטע קאַנאָנען,
און מאַט און פאַרגליווערט די האַנד,
וואָס פלעגט קאָנען
מיט שטאָהל און מיט פולווער זיי שפּייזען —
דאַן וועלען די טויבען פון פרידען אין לאַנד
זיך בעווייזען...

און  א י י ן  פאָלק ווערט זיעגען,
און קריעגען

פאר טויזענדער לעבענס בעצאהלט,
א שטיק ערד אדער גאלד —
אונ וועט מיט דעם אומביים שטאלצירען...
אונ ס'צווייטע וועט נעהרען
פארבארגען, דעם קערן
פון האס צו דעם זיעגער,
בעזינגענדיג מוטהיג־געפאלענע קריגער...

אונ דאן וועט פאסירען: —

אז א קריפעל סאלדאט
מיט מעדאלען בעהאנגען,
וועט געהן אויף א הילצערנעם פוס,
אונ נדבות פארלאנגען,
אין זכות
פון זיין העלדישער טהאט...

אונ א בארפוסער יתום א יונגער,
וועט גנב'ען א קוכען צו שטילען
זיין ביטערען הונגער,
מיט שטאלצע געפיהלען,
ווייל ער האט א טאטען א גבור געהאט...

אונ א גאסען־פרוי וועט
א מאל שפעט
אין א פראסטיגער נאכט,
רייבען טרייסלענדיג איהרע צושפאלטענע הענד,

און זיך שיצען פון שנעע,
ביי דעם שטיין־מאָנומענט,
געשטעלט „פאַר די טויטע אין שלאַכט" —
און וועט פרעהען זיך דאַן,
וואָס איהר מאַן,
געוועזען איז איינער פון ז י י...

.1913

# דער קרייז

(אויף א זעץ־מאשין).

---

פון געהירען־זאפט אין טינט,
אין פון טינט אין בליי פארביטען,
ווערט דער טרוים — דעם מח׳ס קינד...
אין דער הייסער קעהל,
פון דעם שטאהל־געשטעל,
ווערט מעטאל — פון הארצענס־בליטהען...
דאן צוריק פון בליי,
געהט די וואנדעריי,
ביז צום טינט אין צום פאפיער —
ביז ס׳ווערט פראזא אדער שיר,
און עס דרינגט מיט צויבער־כח
ווידער אין דעם לעזער׳ס מח,
און זיך וואנדעלט ווידער אום,
אין א דופט׳גע הארצענס־בלום...

.1911

# פריהלינג

דאָס איז געווען די וואַך־נאַכט פון פריהלינג...

און די מלאכי חבלה האָבען זיך פון אַלע עקען פאַר־זאַמעלט צו טייטען דאָס יונגע שעהנע קינד. דער דונער איז געלאָפען ליאַרעמענדיג פון איין ברעג הימעל צו דעם אנדערען און לאַנגע פייערדיגע שלאַנגען האָבען זיך גע־דרעהט און געצאַקט אין אַלע זייטען, און דער שטורמ־ווינד האָט אין דער פינסטערנים די וואָלקענס צוזאַמענ־געבייטשט און האָט מורא׳דיג געוואָיעט...

דעם לעצטען שטערען האָבען זיי פאַרמעקט, קיין ליכטיגען עדות ניט צו האָבען, און זיי האָבען זיך געגרייט דעם פריהלינג צו דערשטיקען...

איך האָב זיך פון מיין געלעגער אויפגעכאַפּט און האַסטיג האָב איך זיך אָנגעטהאָן ווי מע טהוט זיך אָן אין דער צייט פון א שריפה אָדער פאַר דעם אונטערגאַנג פון א שיף... איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער... שוואַרץ ווי פעך. און אין דער פינסטער ברעכען זיך און רייסען זיך די בוימער...

א פייערדיגע ליילעך האָט זיך אויף איין סעקונד א שפּרייט געגעבען אויף א האַלבען הימעל און ווידער איז געוואָרען שטאָק־פינסטער, נאָך פינסטערער ווי פריהער...

א קראַך... די ערד האָט אויף איהרע פונדאַמענטען געציטערט, און אימעצער האָט געקלאַגט מיט א האַרצ־רייסענדען יאָמער... אמאָל אין אָפּגעבראָכענע וועה־געשרייען און אמאָל אין לאַנגע אויסגעצויגענע יללות...

דאָס האָט דער פריהלינג געקלאָגט...

אין דער חשכ'נים האָבען זיי איהם אַרומגערינגעלט, די מיאוס'ע בעשעפעניסען... זיינע בלומענקרענץ פליקען זיי איהם פון קאָפּ, זיין שעהנער שטראַהלענדער פּנים איז פאַרוואונדעט, זיינע פּרעכטיגע זיידען־קליידער זייַנען צוריסען און ער ראַנגעלט און בעט זיך...

קראַך ! קראַך ! קראַך !...

איצט וועלען זיי איהם דערשטיקען... טויט וועט ליעגען אין זייערע הענד דער לאַבענדער, שטראַהלענדער, שוועבענדער בלומען־קעניג...

וואוטהיג גיסט דער מבול... און אויף די שויבען קלאַפּט עס מורא'דיג. דאַכט מיר, דער פריהלינג בעט זיך צו מיר אין צימער אריין, איהם צו בעשיצען... איהם פון די מלאכי־חבלה און די שוואַרצע בעשעפעניסען צו ראַטעווען...

איך פּרוף א פענסטער עפענען און א נאָס פון גרויסע שנעלע טראָפּענס טובל'ט מיך אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס... איך מאַך צו און הער דאָס רוישען פון דעם שלאַקס רעגען... די פינסטערנים איז נעדריכטער געוואָרען און אונטער'ן פענסטער־געזימס, וויינט דער פערלאָזענער הילפלאָזער פריהלינג : —

— נעהם מיך אריין, זיי וועלען מיך דערווערגען !...

— — — — — — — — — — — —

דער רעגען פליִיצט מיט א שטילער שושקעריי... און דאָס קלאַנגען האָט אויפגעהערט.

ער לעבט... ער גערהט אום אין דעם דונקעלען סאָד. איך הער זיינע טריט אין דעם דורכגעווייקטען גראָז: „צוואָט", „צוואָט"...

ער וואשט זיך די לאָקען פאנאנדער, ער שטרעקט זיינע גליעדער און זופט אין זיך דעם ווארעמען שוש־קעדיגען רעגען...

אָט הער איך איהם אויף די בוימער קלעטערען, פלינק ווי א וועווערקע שפרינגט ער פון צווייג צו צווייג...

לייכט שטעלט ער זיך ארויף, אויף דעם שפּיץ פון יונגען בוימעלע, און ער לאכט צו איהם: —

— שרעק זיך ניט, נארעלע, איך וועל דיך ניט צו־ברעכען... דו וועסט פון מיר מתנות קריגען...

מע פּוצט אוים די וועלט אין דער פינסטער... אי־מעצער מאכט צורעכט דעם סאָד און די גערטנער פאר א גרויסער, גרויסער שמחה...

מאָרגען וועט דער פריהלינג זיך פאר דער גאנצער וועלט בעווייזען...

דאכט מיר, איך הער ווי משרתים שטעלען איבער אלצדינג און הענגען אוים טהייערע גארדינען און שפּריי־טען געשטיקטע דעקען, און אימעצען'ס קול הער איך אין דעם לייכטען מורמעל פון רעגען: —

— איילט זיך צו!... דער מאָרגען קומט...

— — — — — — — — — — — — — —

קענטיג איך בין ביים פענסטער איינגעשלאָפּען...

אויפגעכאפּט האָב איך זיך ווען די זונן האָט מיר די אויגען און דאָס געזיכט מיט א בינטעל שטראהלען־זאנגען געשטאָכען שטיפענדיג...

דער הימעל איז געווען  א י י ן  בלאָע פרייד פון זוים צו זוים...

איך האָב אראָפּגעקוקט צום סאָד : ו ו י י ס  אי ער געווען, און אזוי לייכט און אזוי לופטיג אז מיר האָט זיך געדאכט, אז אָט אָט, הויבט ער זיך אין גאַנצען אויף אין דער לופט און פלאַטערט ווי א זומער־פויגעלע אוועק, ווייט, ווייט...

און פויגלעך זיינען ארומגעשפּרונגען און געקוקט יעדען אָרט וואָס דער פריהלינג האָט מיט זיינע פינגער אָנגעריהרט...

און דער ווייכער גרינער אטלאַס אויף דער ערד... אָט דאָס האָב איך עס געהערט ביינאכט אויסשפּרייטען... ד אָ ס  א ל ץ  איז אין דער פינסטערנים געשעהן.

איך בין אראָפּגעלאָפען אין סאָד און מיר האָט זיך פארגלוסט זיך אנידערוואַרפען אויף דעם פייכטען זיסען גראָז, און פיהלען דעם בעפרוכפערענדען קוס פון פריה־לינג...

איך האָב גראָז־פּערעם געפליקט, איך האָב די געלע קווייטען פון די „לייב'ס־צייהנער" צעהנדליג־ווייז גע־ריסען און זיי געקוסט און זיי צוריק צום גראָז געשליי־דערט, איך האָב מיין געזיכט אין די טייכלעך רעגען גע־

וואַשען און בין וואַהנזיניג צווישען די בייטען געלאָפּען, און מיר האָט זיך מעהר, מעהר פון פריהלינג געוועלט...

א פויגעל ווערען... ניין, ניט א פויגעל. נאָר זיין בעסער א בליהונג און הענגען נאָס אָט אַזוי ווי ד י וועלכע הענגען אויף דעם עפּעל־בוים און טריקענען זיך אין דער מאָרגען־ווארעמקייט, און קוקען אַרויף צום בלאָ־ען פריידינגען הימעל אין דער הויך...

זינגען האָב איך אָנגעהויבען... מיין קול האָט געוואָלט אַלע פויגלען איבערשטייגען. אָבער פאַרשעהמט בין איך אַנטשווינגען געוואָרען...

שעהנער גאָלדענער פריהלינג ! מיין קול איז מיאוס, פאַרניב מיר...

האָבען מיינע אינגעווייד געזונגען און איך האָב גע־קוקט אויף דעם הימעל און אויפ'ן סאַד און מיין האַרץ איז געוואָרען שווערער, פולער, שכור'ער... און איך האָב זיך צו־וויינט...

און דער פריהלינג האָט מיינע טהרערען מיר פון די אויגען אַרויסגעקוסט, און האָט מיר זיין גליק אין האַרצען אַריינגעקוסט...

און מיין נשמה איז געווען א בייט פון אָקאָרשט־געפּלאַצטע רויזען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פריהלינג...

פולע אָרעמס רויזען וויל איך נעהמען...

א טהייל פון די רויזען וועט זיין ווייס ווי דער ער־שטער שנעע אין דעם העלען ווייסען מיטאַג־ליכט...

אנדערע וועלען זיין לייכט געוויטעלט ווי דער שמייכעל פון מארגען אויף א לויטערען הימעל...

אנדערע וועלען זיין געל און גאלדיג ווי די פולע לבנה אין א קיהלער סוף־זומער־נאכט...

און נאך אנדערע וועלען זיין בלוטיג־רויט ווי די ליפען פון א כלה זיך גרייטענדיג צו איהר חתן׳ס קוס...

פולע ארעמס רויזען וויל איך נעהמען... און זיי ווארפען אויפ׳ן ווינד, און דער ווינד וועט זיי טראגען אין צפון און אין דרום און אין מזרח און אין מערב, און אומעטום זאל זיין א רייכטהום און א בערוישונג פון רויזען...

און אין יעדען בליק זאל זיך דער פריהלינג שפיעלען,

און אין יעדען טראפען בלוט זאל טאנצען דער גייסט פון פרייד...

און אין די פינסטערסטע נעסטען פון הארצען זאל דער דופט פון די רויזען דרינגען...

און צווישען זאל עס אין אלע מחות :

פריהלינג, פריהלינג...

.1913

# דער ים

אַן אַנטפּלעקונג איז עס געווען, אַן אויפּיאַויכצען, אַ פרייד־בעגעגעניס און אַן ענטציקונג...

פאַר מיר האָט דער גרויסער ברייטער ים געפונקעלט אין דעם גאָלדענעם מיטאָג'דיגען זונען־ליכט, און פון מיין נשמה האָבען איהם הונדערט שטימען אַנטקעגען געשאַלט און געזונגען: —

„דער ים, דער ים..."

אין אַ וויימען טרוקענעם לאַנד האָב איך פון איהם געטרוימט, אויף דעם בלאָען הימעל האָב איך יאָהרען־לאַנג געקוקט און פון דער לופטיגער תכלת זיך געזוכט אַ בילד צו מאָלען פון דעם בלאָען אוקינוס... גרינע לאַנדשאַפטען האָט מיין דמיון אין כוואַליעס פערוואַנ־דעלט, און מיין בענקעניס האָט די פרעירי — די שטומע, טויטע, פאַרברענטע פרעירי, אין אַן ענדלאָזיגקייט פון וועלען פאַרביטען און אַ ים פלעגט אויף דעם פּלאַץ פון דעם מדבר רעש'ן און רודערען... און האָב איך דאָס שאַר־כען פון בלעטערדיגע בוימער אין אַ שטורעם געהערט, פלעג איך די ברעמען צודריקען און מיט געשלאָסענע

אוינגען דעם טומעל און דאָס שושקען פון וואסערען הערען...

זאָל איך די שיף אויסטהאָן, און ווי צו א הייליג־מהום צוטרעטען צו איהם ? זאָל איך אויף די קניע פאַלען און זיך בוקען צו זיין גרויסקייט ? זאָל איך וויינען, זאָל איך לאכען ? זאָל איך דעם גאָלדענעם זאמד־ברעג קוסען ? —

אַ גרויסער, לאנג־בעוואונדערטער, היים־געליעבטער ! אַ מעכטינער, הייליגער ים ! דיך גריסט און דיך גרייסט אַן עולה רגל...

און אין דער צווייטער רגע איז אויף מיר אַ מורא געפאלען, זיין מאכט און זיין שטאָלץ האָבען אויף מיינע חושים געדריקט און איך האָב געפרעפעלט : פארשלינג מיך, שטארקער מורא׳דיגער וואסער־גאָט. פארשלינג מיין קליינעם, פון שרעקען צודריקטען, פון פריידען צוגליהטען גוף, אזוי ווי דו האָסט יאָהרען לאנג אלע מיינע חלומות פארשלונגען...

דאן האָב איך ווידער געקוקט אויף די כוואליע־פעלדער, אויף די שטייגענדע און פאלענדע טורעמס, אויף דער אונרוהיג־רוהיגער גרויסקייט און טהרערען פון דאנקבארקייט האָבען מיר פון די אויגען ארויסגעקוואָלען. דען דער ים האָט מיך ניט פארשטויסען, ניט פרעמד, ניט קאלט האָט ער מיך אויפגענומען. און אַ גאָלדענער שטראָהל־שליח איז אויף די גרינליכע פאליעס געלאָפען מיר אנטקעגען — מיך מקבל פנים צו זיין.

נעהנטער, נעהנטער צו דעם ברעג בין איך געקומען. איך האָב געוואָלט כאָטש מיין שפיץ פוס אין דעם וואסער

טובל'ען, אַנריהרען דעם זוים פון אוקינוס מאַנטעל האָב איך געגאַהרט.

אָבער דאָרטען זיינען מענשען געווען, און געשריען און געליאַרעמט האָבען זיי, און געבאָרען זייערע וואָכע־דיגע מיאוס'ע קערפּערס אין דעם הייליגען ווייסען שוים, און מיר האָט זיך געוואָלט איטליכען פון זיי אין געזיכט אריינשרייען: — וואָרום פאַרשוועכט איהר דעם קדש־הקדשים? —

און דאַן האָב איך זיך אין זאַמד איינגענורעט און געוואַרט ביז איך וועל זיין אליין מיט'ן ים...

ביסלעכווייז איז די זון פאַרגאַנגען. הינטער א וואָלקען האָט זי זיך צום מערב אַראָפּגעגליטשט, און פון הינטער דעם וואָלקען איז א קופּער־גלאַנץ געפאַלען און מאַט־רויטלעך האָבען זיך די וועלען געפאַלדעוועט... רושיגער און קעלטער האָט דאָס וואַסער זיך צום ברעג געשטויסען און פון ברעג אָפּגעשפּרונגען, און איך האָב מיט אַן איי־פערזיכטיגער בעהאַלטענער פרייד צוגעזעהן, ווי דער זאַמד ווערט ליידיג, ווי די מענשען צוגעהען.

„אליין מיט'ן ים וועל איך זיין" — האָב איך צו דעם אָבענד־ווינד געמורמעלט און אין מיר האָבען ווילדע ערוואַרטונגען געגליהט.

איינציגווייז האָבען די שטערען פון דעם קאַלטען קלאָרען הימעל ארויסגעבליסטשעט. ביי דעם ווייטען ים־האָריזאָנט האָט אויפגעבליצט דאָס ליכט פון א לייכט־טהורעם און די נאַכט איז הינטער מיינע פּלייצעם גע־שטאַנען און שטילערהייד ביינגעוואוינט מיין בענענעניס מיט'ן ים...

„סש—סש—סש—סוויש...״

אָט איז ער... דאָס איז ער, מיין גרויסער אוקינוס און דאָס גריסט ער מיך. איצט בין איך מיט איהם אליין...

„סש—סש—סש—סוויש...״

מעכטיגער, הייליגער, אוראַלטער ! זיי געגריסט און געאַכפּערט — האָב איך ארויסגעשריען.

פון דער ווייטען איז אָנגעקומען אַן אונגעהייער פעלד פון צואַקערטע וואַסער־בייטען, זיך געצויגען און געצויגען, זיך פונאַנדערגעראָלט און זיך צוזאַמענגעקנייטשט, זיך געקייקעלט און זיך געקרימט, און אָט האָט זיך א גאַנצע וואַסער־סטעפּע אויפגעוויקעלט, זיך אויפגעשטעלט, זיך האַסטיג מיט א שוים־קרוין בעציערט און קראַך... צובראָכען איז דער גאַנצער מאָמענט־בנין...

שפּרינגענדיג איינע אויף דעם קאַרק פון דער צווייטער, פּאַרסאָפּעטע, קייכענדע, צושויבערטע, זיינען זיי געקומען די דונקעלע אינדען און האָבען זיך ביי מיינע פיס צושפּליטערט.

וויפיל האָט איהר געוואַנדערט איהר ים־קינדער ביז איהר האָט דאָ געבען מיר אייער גסיסה־קרעכץ ארויסגעלאָזט ? פון דעם ווייטען וויסטען ים־הקרח זייט איהר פיעלייכט אהער געקומען, דורך ווינטען און דורך שטורעמס, אמאָל בענולדט פון דער זון און אמאָל געבייטשט פון אוראַגאַן, אמאָל זיך קרייזלענדיג אויף דער אויבערפלעך און אמאָל בושעווענדיג אויף דעם תהום, דאָרט וואו דער לויתן ליעגט...

„סש—סש—סש—סוויש...״

פאַרשטאַנען האָב איך דיך, לעבענער, אייביגער אוקינוס. אָהן אַ שפּראַך פאַרשטאַנען האָב איך דיך. אין דיין תהום־ברוסט בין איך אַריינגעדרונגען, איך הער דיין גרויס האַרץ קלאַפּען...

„סש—סש—סש—סוויש..."

דער הימעל האָט זיך שוין מיט גאַנצע הויפענס שטערען בעשפּריצט, און דער ים האָט זיך מיט זילבער בעפינטעלעט, אַזוי ווי ער האָט זיך שוין מיליאָנען נעכט און וועט זיך נאָך מעהר מיליאָנען נעכט בעפינטלען. —

ביין ברעג פון דעם ים־האָריזאָנט האָט דאָס ליכט פון לייכט־טהורעם זיך געצונדען און געלאָשען.

און איך בין אליין מיט'ן ים געוועזן און דער ים האָט גערעדט צו מיר : —

„סש—סש—סש—סוויש..."

.1910

# פאלענדע בלעטער

פאלען די ברוינע, זאפראן־קאלירטע אדער געלע בלעטער אראפ פון די בוימער, קלייב איך זיי צוזאמען ביז עס ווערט איין גרויסער שארשקעדינער הויפען... דאן צינד איך זיי אן, און זעה דערנאך ווי דער רויך, פול מיט א זיסען געווירץ, צושפרייט זיך פויל און לאנגזאם אין דער קאלטער הערבסט־לופט... א פייכט בלעטעל וויל ניט ברענען און ראלט זיך צוזאמען אין א לעצטען קאנ־וואולסיווען פראטעסט, און איך שאר עס אין מיטען פייער אריין... איך הער זיך איין, צו דער שטילער פאר־שטיקטער קנאקעריי, ביז עס ברעכט ארויס א פלאם, און ארום ווערט ווארעם און זומערדיג, און אלטע גייסטער שפוקען ארום, מיר דאכט, און טאנצען ארום דעם שיי־טער־הויפען...

אויבען רוישט א מחנה פון פוסטע צווייגען און א בלאער, קאלטער, אין־זיך־פארשלאסענער הימעל, קוקט אראפ אויף מיין קינדערשער זעלבסט־נארעריי...

א פוינעל צוויטשערט דורך... איהר לעצטער אדיע. אלע זיינען שוין אוועק אהין וואו א נייער זומער ווארט אויף זיי, און זי מוז נאכיאגען...

אן איינציגע גרויסע פליעג זומט מיר ארום קאָפּ...

*   *   *

בעגינען געה איך ארוים און בעקוק די בוימער. די צווייגן זיינען דורך דער נאכט אביסעל הוילער געוואָרען... אָבער א סך איז נאָך געבליבען, און מע איילט זיך ניט. אזוי וועט עס געדויערען טעג און וואָכען און מאָנאטען... וועט דער ווינד א שטארקען קלאַפּ טהאָן, וועט דאָס בלאַט מצדיק הדין זיין און פאַלען. און ווען ניט, וועט עס זיך האַלטען... אויב ניט אויף דעם אייגענעם שטענגעלע איז כאָטש פארטשעפּעט אויף א צווייטען... אין דעם פליאַנ־טער פון אזוי פיעל קען זיך אפילו א טויטס א לאַנגע צייט האַלטען, און הייסען וועט עס, אז עס איז נאָך אויפ׳ן בוים...

דערווייל וועט עס אריינכאַפּען נאָך אביסל זונן, נאָך א קוק אויף דער לאָנקע און אויף דעם טייך און אויף די בערג...

עס וועט שוין זיין שבט און דער פראָסט וועט שוין אומעדום ליעגען, איידער דאָס לעצטע בלאַט וועט זיך ארונטערפּעקלען...

מיר ווילט זיך אָננעהמען דעם שטאַם און טרייסלען מיט געוואַלד :

שאָקעל זיי אַלע אראָפּ און מאַך א סוף...
מיר דאכט, ער לאכט הייזעריג פון מיר...

*   *   *

א דינער שטילער רעגען פאַלט אויף דער ערטער־

ווייז נאָך גרינער לאַנדשאַפּט. דורך דעם רעגנבויגן
זעהט זיך דער וואַלד הינטער די פעלדער, און דער טייך
מיט זיינע קליינע בעוואַקסענע אינזעלעך.
ווער האָט געזאָגט : עס איז הערבסט ?
אפשר איז עס מאַי, און די רעגען־פערדעס שפּינגען
דאָס ניי קומענדע לעבען ? האָב איך ניט מיט פיער
מאַנאַט צוריק דעם זעלבינגען רעגען מיט שמחה געזעהן;
און מיין הארץ האָט געקלאַפּט און איך האָב איהם גע־
לאָזט מיין קאָפּ וואַשען, און מיר אַלע, איך און די בלומען
און די ערשט־אַרויסגעשפּראָצטע קאָרן, מיר זיינען איהם
אַלע אַנטקעגען געלאָפען ?
איז עס ניט דערזעלבינער ? זעהט דען דער וואַלד
אַנדערש אויס ווי דאַמאַלס ?
אָט וועט באַלד אימעצער קומען און מיר זאָגען אַז
עס איז נאָך פריהלינג...
פון יענער זייט טייך לאָזט אַן ענטעל אַרויס אַ גריל־
צענדען „קוואַ־קוואַ“...
און עפּעס אין מיר פאַלט צוזאַמען :
דער זומער איז פאַרגאַנגען.

* * *

היינט האָט מען אָפּגעשניטען די לעצטע תבואה.
אויפגעבונדען אין גאַרבען שטעהען די וויס־געלע זאַנ־
גען. איך געה אויף די אָפּגעשניטענע בייטען און פיהל
די שטרוי־וואָרצלען אונטער מיינע פיס ווי שאַרפע נאָד־
לען. נעבען מיר געהט דער פאַרמער און דערצעהלט מיר,
וואָס פאַר אַ געראָטענים עס איז היי־יאָהר. זיין פנים

איז אויפגעראמט. א נייעם שייער וועט ער פאר דאס געלט בויען, נאך א קוה וועט ער קויפען, און ווייב און קינדער וועט ער בעקליידען.

דאס איז אלזא דער פועל יוצא ? — פרעג איך, און טראכט פון די ווייכע גראזיגע ה ק ד מ ו ת, פון די גרינע זאנגען וואס דער ווינד פלעגט שטיפענדיג צו־שויבערען, און דערנאך, פון די גאלדענע וועלען אויף וועלכע דאס ליכט האט זיך אזוי וואונדערשעהן געביטען, ווען די זון האט זיך אין בעהעלטענים געשפיעלט, הינטער ווייסע פעדערדיגע וואלקענדלעך...

דער פארמער ווייס ניט וואס איך טראכט, און ער חזר'ט איבער, אז היינטיגס יאהר איז א מזל־ברכה.

* * *

איך האב זיך אפגעשטעלט נעבען א סאסנע.

זי איז אייביג גרין — האב איך צו זיך געזאגט — און אויף איהר איז דער אסיען ניט שולט...

א ווינד איז דורכגעלאפען דורך די צווייגען און די גרינע נאדלען האבען זיך געקלאפט איינע אן דער אנ־דערער. און מיך איז אן אומעט בעפאלען.

זי פארשטעלט זיך און טראגט דעם אסיען אין האר־צען — האט פון ערגעץ אין מיין אויער גערוישט...

* * *

פונ'ם ברעג קוק איך ארונטער אויף דער שטאהל־גראער אויבערפלעך פונ'ם טייך... דער וואלד פון יענער זייט ווערט פינסטערער און פינסטערער, און פון דארטען

שווימען אהער אויף דעם שטילען, גלאַטען וואַסער, טויטע בלעטער...

און דאַס ציהט זיך אַזוי נאַכאַנאַנד, נאַכאַנאַנד...

איך שטעק אריין מיין האַנד צווישען דער שווימענ־דער מחנה און נעהם אַרויס אַן איינצעלן בלאַט, און טריקען עס אַפּ און וואַרעם עס, און הויך דערוויף.

און די גרויסע פּראָצעסיע פון טויטע בלעטער שווימט און טראָגט זיך אַראָפּ טייך־צו, נאַכאַנאַנד, נאַכ־אַנאַנד...

.1912

# שונמית

(ביבליש בילד)

---

פערזאָנען:

קעניג דוד, 70 יאָהר אַלט.
שבנא, אויפזעהער פון קעניגליכען הויף, 40 יאָהר אַלט.
זבדיה, דעם קעניג'ס לייב בעדיענטער, 20 יאָהר אַלט.
די שונמית, אַ בויערן-מיידעל, 16 יאָהר אַלט.

---

אַן אינוועניג צימער אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ.
דוד זיצט האַלב אָנגעלעהנט אויף אַ הויפען פון קי־
שענס און טעפּיכער. אויף זיינע פיס איז אַ דעקע פון

מיגער־פעל. ער קוקט געשפאנט צו דעם איינגאנג.
שטארק אונרוהיג.

---

זבדיה.

(בעווייזט זיך אין איינגאנג. בוקט זיך)

שבנא ווארט אין דעם פארער־צימער.

דוד.

לאז איהם אריין.

(זבדיה אב).

שבנא.

(אין מהיר, זיך טיעף בויגענדיג)

פריערען צו דעם הערשער פון יהודה!

דוד.

(מאכט א בעוועגונג, ווי ער וואלט זיך וועלען אויפשטעלען,
אבער בלייבט זיצען).

האסטו ערפילט מיין שליחות?

שבנא.

(קומט נעהענטער)

דער גאָט, וועלכער שפּרייט זיין שוץ איבער דיין טהראָן, איז מיין ווענוויזער געוועזען...

דוד.

(אונגעדולדיג)

און ?....

שבנא.

און האָט מיר צו דער האנד געבראַכט א בליהענדע רויז, וואָס וועט דיין הארץ בערופּטיגען. זעכצעהן יאָהר איז זי אלט...

דוד.

(מיט שטראַהלענדע אויגען)

דערצעהל !

שבנא.

פון איין בערג יהודה ביז דעם אנדערען האָב איך געוואַנדערט. אונזערע קעמלען האָבען הונדערטער מיילען דורכגעטראָטען, און מיין ערפאהרען אויג האָט געשפּיאָנט

און געזוכט צווישען די בערג־בעוואוינער און צווישען דער בעפעלקערונג פון די טהאלען... דו האסט בעפוילען זי זאל זיין יונג און שעהן און אונשולדיג... אזעלכע, וואס ליעבט הארפען־שפיעל און קען זינגען, וואס איז גלוטיג און לייי־דענשאפטליך, און איז נאך קיינמאל ניט געצערטעלט גע־ווארען פון א מענער־האנד... ארעם און בעשיידען, און טריי און איבערגעבען צו איהרע עלטערען... אזעלכע, וואס זאל א נייע יונגענד דיר ברענגען, און אין דיינע אדערען פרישע פונקען צינדען... שווער איז געווען דאס זוכען, און איך האב שיער ניט פארצווייפעלט, אבער אין דעם קליינעם, פארוואָרפענעם דארף שונם — דארט, וואו עס וואוינט אן ארעם בויערן־פאלק, האב איך זי געפונען... איך האב זי צוערשט געטראפען, טראגענדיג א קרוג וואַ־סער פון דעם דארף־ברונעם, און דאס ליעד, וואס זי האט דערביי געזונגען, האט פארהילכט די גאנצע לאנקע...

דוד.

און דו האסט זיך צו איהר געווענדעט...

שבנא.

איך בין איהרע טריט נאכגעגאנגען ביז צו איהר וואוינונג, און איהרע עלטערען אנטפלעקט דיין קעניג־

ליכען וואונש... איך האָב זיי א וויינגאָרטען צוגעזאָגט און צעהן אקער לאַנד און א סטאַרקע שעפּסען...

דוד.

און זיי האָבען זיך דערפרעהט —

שבנא.

זיי האָבען איינגעווילינט... זי איז געווען די עלטסטע. נאָך צעהן קינדער זיינען געווען אין דער קליינער חורבה, און די לייט זיינען געווען אָרעם און אָהן שפּייז... מען האָט דאָס מיידעל גערופען... ארום זיינען די איננערע עופה'לעך געשטאַנען, נאַקעטע, פּאַרהונגערטע, און האָבען זיך אָן איהרע קליידער געהאַלטען... און דאָס מיידעל האָט געזאָגט : איך וועל טהאָן דעם בעגעהר פון מיין פאָטער און מיין מוטער... און היינט בעגינען איז זי מיט אונזער קאַראַוואַנע אין ירושלים אָנגעקומען...

דוד.

(האָסטיג)

וואו איז זי ?...

שבנא.

זי איז אין דעם שוץ פון דיין שלאָס...

דוד.

(בעלעבם)

ווי זעהם זי אוים ?...

שבנא.

זי איז פריש ווי דער טהוי וואָס פאַלט אויף די גראָזען פון חרמון. איהרע גליעדער זיינען ווייך און בויגיג ווי די ווערבעס, וועלכע וויעגען זיך איבער דעם טייך שילוח, און איהר שטים טרעלט ווי די זילבער־גלעקלעך אויף דעם כהן־גדול׳ס אפוד...

דוד.

און די אויגען ?...

שבנא.

שוואַרצע, גרויסע, ווי די אויגען פון א יונגער הירשין אויף די בשמים־בערג... און דאָס ליכט אין זיי בייט זיך ווי א שטראַהל אויפ׳ן וואסער, ווען דאָס מיטאָג־ווינדטעל בלאָזט...

דוד.

זיינען זיי פייערדיג ?...

## שבנא.

ווי צוויי וואולקאנען מיט א נעבעל־שלייער פארצוי־
גען. א געבארענע קעניגין. אבער מילד ווי א טורטעל־
טויב און גרייט צו ערפילען דעם וואונש פון איהר הערשער.

## דוד.

(אין זיך געקעהרט)

א צענטער גאלד זאלסטו קריגען אויסגעצאהלט פון
מיין שאץ־קאמער. (בויגט מיט'ן קאפ צום צייכען, אז ער
זאל איהם פארלאזען) היים מען זאל זי ברינגען.

(שבנא אב).

## דוד.

(אליין, שטארק אויפגערעגט און בלייך)

גאט ! ווי איך ציטער... איך, וואס האב אלס פאס־
טוך א קעניג־טאכטער אמאל מיט מיינע בלויזע בליקען
בעצוואונגען... איך שרעק זיך פאר אן ארעמער דארפס־
מיידעל... וועט זי מיך ליעבען ?... ער האט געזאגט זי
האט שעהנע גרויסע אויגען. וועל איך אין זיי קענען
ארייננקוקען מיט מיין אמאליגער זיכערקייט ?... זיי בע־
זיעגען מיט מיין אלטען צויבער ?... זיי וועלען פאלען
אויף מיינע איינגעשרומפפטע באקען, אויף מיין געלען

נערונצעלטען שטערען, און אויף מיין פארשנעעטען קאפ, און זיי וועלען מיר דערצעהלען אז מיין נאלד און מיין קעניג־מאכט האבען זי אהער נעבראכט... איך וועל אין זיי זעהן דעם גלאנץ פון א מארטירערין און וועל צוריק־שוידערען... זי וועט מיך קוסען און וועט טראכטען, אז מיט די קוסען בעצאהלט זי פאר איהר פאטער'ס צעהן אקער לאנד, און פארזארגט איהרע ארעמע ברידער און שוועסטער... זי וועט זיך ניט וועהרען און ניט ראנגלען אין מיינע ארעמס. זי וועט מיינע קאלטע ליפען זויגען, ווען איך וועל איהר הייסען, זי וועט זיך צו מיין ברוסט דריקען ווען איך וועל עס בענעהרען, זי וועט שמייכלען אויף מיין בעפעהל, און זי וועט טאנצען ווען עס וועט אזוי נעפעלען מיין קאפריז... אבער איהרע אוינען ?... זיי וועלען קוקען אויף מיר מילד, תחנונים'דיג... זיי וועלען מיך ניט טראצען, מיך ניט טאדלען, נאר ב ע ט ע ן וועלען זיי — בעטען אין דעם נאמען פון איהר יונענד און איהר אונשולד, איך זאל זי אפלאזען... (בעקוקט זיין געזיכט אין א זילבער־בלעך) וועט זי דאס יונגע דיכטער־הארץ זעהן אונטער דעם אלטען קעניג'ס קנייטשען ?...

זבדיה.

(אין איינגאנג, זיך בוקענדיג)

די שונמית איז געקומען...

דוד.

(פרייריג)

רוף זי אריין... (פאַרטראַכט זיך) ניין, נאָך ניט !... לאָז זי ווארטען א ווײַלע און שפּעטער זאָל זי אריינ־געבראַכט ווערען. (שטעלט זיך, אַרונטערוואַרפענדיג פון די פיס די טיגער־דעקע. גלייכט זיך אויס, זיך בעמיהענדיג צו ערשיינען יונג) קום. פאַרפלעכט מײַנע לאָקען, בעשפּריץ מיך מיט מירע און צינד אָן די ווייהרויך־פאַן...

(דער דיענער צינדט אָן די ווייהרויך־פאַן און בע־שעפטיגט זיך אַרום דעם קעניג).

דוד.

זבדיה, זאָג מיר, האָסט א געליעבטע ?...

זבדיה.

(פאַרווירט)

זי איז אין גליל... איך זעה זי בלויז זעלטען.

דוד.

פרעהט זי זיך, ווען דו בעזוכסט זי ?... קוסט זי דיך פיעל, ווען דו קומסט אהין ?...

### זבדיה.

(פאַרשעהמט)

זי האָט מיך זעהר ליעב... מיר זיינען פארקנאַסט נאָך פון יאָהרען צוריק, ווען איך האָב נאָך געארבייט אין די דאָרטיגע וויינגערטנער אלס טאָג־לויהנער...

### דוד.

און זי בענקט נאָך דיר, ווען זי זעהט דיך ניט?

### זבדיה.

זי וויינט, ווען איך פאַרלאָז זי, און צעהלט די טעג ביז מיין נעקסטען אורלויב...

### דוד.

(פאַראינטערעסירט)

דערצעהל מיר ווי זי האָט דיך אויפגענומען, ווען דו ביזט לעצטען מאָל געוועזען זי זעהן... מאָרגען זאָלסטו אויף א וואָך קיין גליל געהן, און דיין כלה פון מיר א גאָלדענעם ארעם־באַנד ברענגען... אָבער דערצעהל ווי האָט זי דיך אויפגענומען...

### זבדיה.

זי איז געווען אין פעלד... שניט־צייט איז עס געווע־זען, און דאס גאנצע הויזגעזינד האט גארבען געבונדען... זי האט מיך דערזעהן פון גאנץ ווייט און האט זיך געלאזט לויפען בארפוס איבער די אפגעשניטענע בייטען דורך אויפגעשטעלטע רייהען פון גארבען... אין איהר האנד האט זי נאך געהאלטען א שטרוי־באנד, מיט וועלכען מען פארבינדט די זאנגען און...

### דוד.

...זי איז דיר געפאלען אויף'ן האלז ?

### זבדיה.

זי האט מיר לאכענדיג ארום דעם קאפ דעם שטרוי־באנד געקניפט און געזאגט, אז איך בין איהר געקרוינ־טער... (פארהאלט זיך).

### דוד.

(שמייכלענדיג)

איהר געקרוינטער מלך... (ערנסט) האסטו זי געבע־טען, זי זאל דיך פעסט צום הארצען דריקען ?... האסט איהר נ ע ה י י ס ע ן זי זאל דיך קוסען ?...

### זבדיה.

(צומישט פון די פראגען)

זי... מיר האבען פון פרייד ניט געקענט א וואָרט ריירען... מיר האבען...

### דוד.

(ערמוטהיגעדיג)

דערצעהל...

### זבדיה.

מיר האבען קוסענדיג זיך אן אלץ פארגעסען... ביז איהר פאטער האט אונז צונעשריען, מיר זאלען קומען אויפ'ן פעלד...

### דוד.

(מיט אן אויסדרוק פון אונטערדריקטען שמערץ)

ברענגסטו איהר מתנות, ווען דו קומסט ?...

### זבדיה.

זי וויל איך זאל די געלדשטיקער שפארען ביז מיר וועלען א וויינגארטען קויפען און וועלען חתונה האבען...

### דוד.

(אנגעהמענדיג פלוצלינג אַ מינע פון שטרענגער קעניג־ווירדע)

רוף אריין די שונמית !...

(זבדיה אָב. דער קעניג ווערט שטאַרק צוטראָגען.
זיינע הענד טרייסלען זיך לייכט).

### די שונמית.

(זיך בוקענדיג, צומישט)

פריערען צו דעם קעניג !

### דוד.

(קוקט זי אָן אַ לענגערע צייט, ענטציקט פון איהר שעהנהייט
און נאָך מעהר נערוועז)

דו ביזט שעהן... וואונדער־שעהן ביזטו...

### די שונמית.

(ווי איבערזאָגענדיג אימעצענס רייד)

געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיר געגעבען לייט־
זעליגקייט אין די אויגען פון דעם גנעדיגען קעניג.

(זי קוקט אויף איהם צושראָקען, ווי ניט וויסענדיג,
וואָס זי דאַרף אייגענטליך טהאָן).

דוד.

(צערטליך)

קענסטו זינגען און שפּיעלען אויף א גיטארע ?...

די שונמית.

אין אונזער דאָרף זינגען און שפּיעלען מיר אַלע...

דוד.

(נעהמט אַרונטער פון דעך וואַנד אַ גאָלדענע גיטאַרע, זעצט די שונמית אַוועק נעבען זיך אויף אַ טעפּיך און זאָגט):

שפּיעל אַ ליעבעס־ליעד, ווי מען שפּיעלט עס ביי אייך אין שונם...

די שונמית.

(זי קוקט נאָך אַלץ ווי אַ צושראָקענע הינדין... לאַנגזאַם בע־ריהרט זי די סטרונעס, דאַן הויבט זי אָן צו זינגען, בעגלייטענדיג זיך אַליין אויפ'ן אינסטרומענט)

צעהן טויזענדער פּלשתים
דער'הרג'עט דער גבור,
און קומט אַ נעקרוינטער
צוריק צו זיין ליעבער...

מיט שווערד אויפ'ן גארטעל,
און זיעג אויפ'ן שטערען,
איהר קומט ער צו קוסען
פון ד'אויגען די טהרערען...

ער שענקט איהר זיין צעפטער,
ער זעצט זי אויף טהראָנען,
ער בויט איהר פּאלאצען,
ביים בארג פון לבנון...

זי ליעגט אויף דער ברוסט איהם,
זי וויל ניט קיין קרוינען,
זי וויל ער זאָל ליעבע
מיט ליעבע בעלוינען...

(דער קעניג האָט אין דער צייט פון איהר זינגען געהאַלטען פּאַרדעקט דאָס געזיכט. די אויגען פון שונמית גליהען און קוקען פּאַרטרוימט...)

דוד.

דיר געפעהלט, ווי איך זעה, דאָס ליעד ?...

די שונמית.

עס איז דאָס שענסטע, וואָס ווערט געזונגען אין

אונזער נענענד צווישען די פעלד־ארבייטער, און ס'איז מיין ליעבלינג...

דוד.

ווער האט פארפאסט דאס שעהנע ליעד ?

די שונמית.

(נאאיוו)

איך ווייס ניט... עס נעהט ארום אין פאלק שוין פון צעהנדליגע יאהרען, נאך פון די צייטען, ווען די קריענער פלענען ארויסנעהן אין שלאכט אקענען די פלישתים.

דוד.

(שמייכלענדיג)

ווען דו זינגסט עס, טראכסטו אודאי פון דעם מאן, וואס האט דאס ליעד פארפאסט ?...

די שונמית.

(פאר'חלומ'ט)

ער האט נעמוזט זיין שעהן און הויך, מיט רויטע ליפען און שווארצע ווייכע אויגען...

דוד.

אַלע אייערע מיידלעך אין שונם וואָלטען זיך געווים פאַרליעבט אין איהם, ווען ער זאָל זיך בעווייזען אין דאָרף...

די שונמית.

(שטיל)

מיר וואָלטען איהם פאַרגעטערט...

דוד.

(איראָניש)

אפשר לעבט ער ערגעץ וואו, און איז פאַרקריפּעלט פון קריעג און אַלט און געבויגען און זיינע יאַסלעס זיינען אָהן ציינער ?...

די שונמית.

(דערשראָקען)

אָבער ווי קען דאָס זיין ?...

דוד.

מיין קינד, ער האָט דאָך אייביג ניט געקענט יונג זיין...

## די שונמית.

(מיט קינדערישער עקשנות)

ביי אונז איז ער אייביג יונג. (איהרע אויגען צינדען זיך אן) איך קען איהם זעהן פאר מיינע אויגען, דעם שעהנעם זינגער...

## דוד.

(מיט אונטערדריקטער ביטערקייט)

אט מאל מיר איהם אויס... איך וועל זיצען נעבען דיר און הערען...

## די שונמית.

(הינגעריסען)

ער איז גליייך ווי א פאלמען־בוים און פון זיינע אוי־נען שלאגען גאנצע גארבען פון ווארעמע, צערטליכע שטראהלען... זיינע ליפען זיינען ווי בעפארבען מיט דעם פרישען סאק פון רויטע וויינטרויבען... זיינע באקען זיי־נען לייכט נערויטעלט ווי דער ערשטער סימן פון דעם מארגענ׳ס קומען, און זיינע געקרייזעלטע לאקען פלא־טערען און פלאנטערען זיך ווי א נעדיכטע מחנה פון שפיעלענדע ראבען... א זילבערנער גארטעל נעהמט ארום

זיינע הויכע שלאנקע לענדען, אויפ'ן קאפ גלאנצט זיין בעציערטער קיווער און סאנדאלען פון ווייסען הירש־פעל טראגט ער אויף די פיס, און אין דער האנד האלט ער א גאלדענע הארפע...

## דוד.

(זיינע אויגען שיינען און ער איז ווי פארזונגען)

...און ווען ער געהט אויף דער גאס, שטעקען זיך ארויס פארשלייערטע קעפ, און קוקען נאך זיינע טריט, מיט ברענענדע בליקען... און הערצער קלאפען און לעכצען נאך דעם העלדישען זינגער...

## די שונמית.

(ריידענדיג אליין מיט מעהר גלוט און פארגעסענדיג די גע־גענווארט פון דעם קעניג)

און ווען ער זינגט אדער ער שפיעלט אויף זיין הארפע, צוניסט ער ווילדע פארלאנגען אין די הערצער, און יעדער וויל זיינע ליפען קוסען, זיך צו זיין ברוסט פרעסען, איהם די לאקען שטרייפען, איהם אלע זיינע גליהענדע געזאנגען ארויסזויגען און אין זיינע ארעמס פארגעהן און...

(דוד לייגט זיין האַנד אויף דעם האַלז פון דער
שונמית. זי ציטערט אויף און פאַרשטומט).

דוד.

(געפּיהלפּול)

שונמית, לעג דיין קאָפּ אויף מיין שויס...

די שונמית.

(שוידערט אויף, ווי אַ פראָסט וואָלט זי דורכגענומען און
געהאַרבט מעכאַניש).

מיין שעהן קינד, און איצט אויך נאָך וואָלסטו גע־
ליעבט יענעם קריענער, ווען דו זאָלסט איהם זעהן ?

די שונמית.

(מיט אַן אויסדרוק פון פאַרזיכט)

מיין ליעבע געהערט צו דעם קעניג...

דוד.

(מיט אַ טרויריגען שמייכעל)

דיין קערפּער בלויז... דו ביזט צו יונג צו זאָגען ליגען,
און דיין ליגען וועט פון מיר קיין לויהן ניט קריגען...
זאָג מיר, דו וואָלסט איהם זעהר געליעבט ?

די שונמית.

(קוקט צוערשט מיסטרויאיש אויפ'ן קעניג, דאן וויענט זי לאנגזאם דעם קאפ אויף „יא").

דוד.

ניט אכטענדיג וואס ער וואלט זיין אלט און וואלט
ניט מעהר אויסזעהן ווי דו האסט איהם געשילדערט ?...

די שונמית.

אבער זיינע ליעדער, זיינע זיסע ליעדער ?...

דוד.

און דו וואלסט איהם דיין יונגענד און דיין ליעבע
געגעבען צוליעב זיינע זיסע ליעדער ?...

די שונמית.

(שטיל און פעסט)

יא !...

דוד.

(גליהענדיג פון ליידענשאפט, ציהט זי פלוצלונג צו זיך)

קום די ליפען מיינע... גיס אריין דיין ווירציגע נשמה
אין מיר...

די שונמית.

(נעהמט איהם ארום און קושט זיהם לאנגזאם).

דוד.

דו ביזט קאלט... דיינע הענד זיינען פראסטיג, דיינע ליפען זיינען אייז, און דו ביזט בלייך... שענק מיר אלע דיינע פארבארגענע פלאמען...

די שונמית.

(דריקט זיך צו איהם, קעמפפענדיג מיט איהר ווידערווילען).

דוד.

דו האסט דאך פארשפראכען צו ליעבען...

די שונמית.

(לעבלאז)

איך האב פארשפראכען צו טהאן אלצדינג, וואס דער קעניג וועט פארלאנגען...

דוד.

ניין, נים דאס... דו האסט דאך פארשפראכען צו ליעבען יענעם זינגער...

די שונמית.

(קוקט אויף איהם פאַרוווּנדערט).

דוד.

איך בין עס...

די שונמית.

(מיט שמאַרע אויגען)

דו ?..... (זי מעסט איהם אַב פון קאָפּ ביז די פיס, ווי זוכענדיג די שוואַרצע לאָקען, די מעכטיגע ברוסט און די העלדישע לענדען).

דוד.

(ענטפערענדיג איהר בליק)

דאַמאָלס בין איך געווען ווי דו האָסט מיך אויסגעמאָלט...

די שונמית.

(שווייגט).

דוד.

אָבער די ליעדער, די שעהנע ליעדער ?...

## די שונמית.

(קאלט, מיט אנגעשטרענגטער צערטליכקייט)

איך וועל טהאן אלצדינג וואס דער קעניג וועט בע־
נעהרען...

(פארחאנג פאלט לאנגזאם).

# פורפור־וואלקענס

די דריי־טעג־אַלטע זונ, אַ גרויסע, אַ פייערדיגע, אַ רונדע, האָט זיך לעכצענדיג געצויגען צו דער ברוסט פון דעם פיער־טעג־אַלטען ים... און דער פאַרליעבטער ריעז האָט זיך געהויבען, און געקרויזט זיינע וואַסערדיגע ליפען, און זיך געשטרעקט צו איהר אום זי אריינצוזויגען מיט איהר גאַנצער גלוט...

די פינגער פון דעם בורא האָבען מיט אַ לעצטען ריהר, דערענדיגט דאָס מייסטער־ווערק — דעם מענשען, און די וועלט איז געווען פאָלקאָמען.

און דער מייסטער־בעשעפער האָט זיך צוריקגעצויגען איבער אַלע הימלען, און האָט נאָך אַמאָל בעקוקט די שטערען און די ערד און דעם ים, און די פישען, און די פויגלען.

— געלונגען!

אָבער דער בורא האָט פון אימעצען׳ס ליפען דאָס וואָרט הערען געוואָלט. אפשר, אפשר פעהלט נאָך עפּעס?...

אפשר א ווינקעל פלינעלע ערגעץ אויף א קאַלירטען זומער־פוינעלע, ניט דערפאַרבען אקוראט ריכטיג ?

אפשר א שופ פון א פיצעלע פיש אין א פארוואר־פענעם טייך, ניט גענוי אָפּגעצירקעלט ?

אפשר אן אונטערשט בלעטעלע פון אן איינזאמען קוסט ערגעץ אין א בארג־שפּאַלט פארקריפּעלט געלאָזט?...

און געזיפצט האָט ער...

איז דער גאַנצער הימעל־חיל געקומען אין ענט־פער אויף דעם דאָזיגען זיפץ, און האָבען געוואָרט אויף א בעפעהל.

— „פעהלט עפּעס, ערגעץ־וואו ?"

— „אלצדינג איז פאָלקאָמען" — האָבען ענטציקטע מיליאָנען אין כאָר געענטפערט, און דער געדרויש פון די פלינלען איז געוועזן ווי דאָס רוישען פון הונדערט ים'ען.

— „האָט איהר גאָר ניט באַמערקט ? א שטויב א ניט־פּאַרטיגען ?"

— „גאָר ניט, גאָר ניט, הארר פון די וועלטען".

— „האָט איהר ניט א געקריוודעטען טהוי־טראָפען ערגעץ וואו דערזעהן ?"

— אלץ איז פאָלקאָמענהייט און שעהנהייט".

— „עס פעהלט לחלוטין גאָר ניט ?"

— „עס פעהלט..."

די גרויסע מחנה פון מיליאָסען ליכטיגע קעפּ האָט זיך צוטרייסעלט אַזוי ווי א שטורעם וואָלט זיי צורודערט. אימיצער האָט דעם הימעל פאראונרייניגט.

און כביכול׳ס געזיכט האָט זיך בעוויקעלט מיט דיקע
דונקעלע וואָלקען־פּאַלדען, און מיט
שטילער טרויעריגקייט האָט ער געפרעגט: —

„זאָג, מיין קינד, עס איז נאָך צייט... איך וועל
צוריק אויף דער ערד אַרונטערנידערן, און נייע זעקס טעג
וועל איך שאפען, נאָר פאָלקאָמען זאָל עס זיין...“

— „מייסטער פון הימעל“ — האָט די זעלבינע
שטים געענטפערט — „עס פעהלט דער וואָס זאָל קענען
אַזאַ פאָלקאָמענהייט בעזינגען... אַ שעפּפער
ווי דו וואָלט ער מוזען זיין...“

און איבער דעם בורא׳ס געזיכט האָט זיך אַ עניוות׳־
דיגער פורפור צוגאָסען...

און דאָס זיינען די וואָלקענס, און דער
פורפור, וואָס מען זעהט ווען די זונן פאַרגעהט...

.1911

# איסטהר

דאָן זיינען נאָך די הימלען און די ערד געווען יונג, און די נאָהנטע קרובה'שאַפט פוןביידען האָט זיך ווי אַ צערטליכער הויך אין דער לופט געפיהלט, און דער נאַקעטער יענער־מענש וואַנדערנדיג איבער די ווייטע גראָז־סטעפּעס אָדער דורך דעם שטילען צוויינג־פּלאַנטער פון דעם ריעזען־וואַלד, האָט אָפט פאַרנעהמען געקענט דעם אָפּקלאַנג פון די הימלישע כאָרען...

דאָרט וואו די רויטע זונן איז יערען פאַרנאַכט אַרונטערגעזונקען, איז אַ טהויער געוועזען מיט אַ רויז־רויטען גאַרדין פאַרהאַנגען... און פאַסירען פלעגט אָפּט, אַז אַ ווייסער מלאך פלעגט פאַמעליך פאַנאַנדערעפּענען די גאַרדינען, אַרויסשטעקען זיין גאָלד־געלען לאָקען־קאָפּ און זיך אַרומקוקען מיט נאַאיוור־בלאָע אויגען, אויף די בליהענדע אונטער־הימלישע וועלט, און דאַן נייגיריג אַרויספלאַטערען...

איבער די בערג איז ער געפלויגען, אין די טהאָלען

האָט ער אראָפּגעניִדערט און זיך גע'חידוש'ט און אָנגע־
קוואָלען פון אַלץ וואָס זיין אויג האָט געזעהן...

אויף מאָרגען פלעגט דער שטעג, וועלכען דאָס ווייסע
הימעל־קינד האָט געטרעטען אויף דער לאָנקע, זיין בע־
דעקט מיט גאָלדענע, רויטע, און בלאָע קווייטען...

און שעהנער פון אַלע מלאכים וואָס האָבען די ערד
בעזוכט איז געוועזן שמחזאי, און האָלד געהאַט האָט ער
די פעלדער און זיי וועלדער מעהר ווי די הימלען, און
יעדען טאָג, פלעגט ער זיך ארויס'גנב'ען, און זיך אומ־
שפּיעלען צווישען די הויכע גראָזען, און שטיפען מיט די
בלאָע שאָטענס פון די שלאַנקע פאַלם־ביימער.

אָבער שמחזאי האָט מיט אמאָל גענומען בענקען.
ער האָט געהערט אז אויף דער ערד זיינען דאָ מענשען,
און איהם האָט זיך געדאכט, אז זיי מוזען זיין ליעבליך
און פול מיט חן אָהן א שיעור, און שעהנער פיעל פון
די מלאכים...

איהם האָט זיך געוואָלט זעהן א מענשען.

און געזוכט האָט ער און געפרעגט האָט ער ביי די
קאָלירטע בארג־פויגלען : —

„ווי זעהען אויס די מענשען ? זיינען זיי טאַקע
וואונדער־שעהן ? האָט איהר אמאָל געהאַט דעם זכות
זיי פון נאָהנטען צו בעקוקען ?—"

האָבען זיי איהם אָנגעוויזען אויף א טייך, וואָס האָט
ווייס געשימערט אין די שטראַהלען פון דער זונן.

נײנירינג און שעמעוודיג, און זיך נאָכאַנאַנד אַרומ־
קוקענדיג, איז דער מלאך האַלב געפלוינגען האַלב געגאַנ־
גען אַהין, וואו דאָס וואַסער האָט געגלאַנצט... צווישען
די ביימער וואָס האָבען דעם ברעג געזוימט, האָט ער זיך
בעהאַלטען און פון דאָרטען געקוקט און געזוכט.

דאַן האָט ער דערזעהן, די שעהנע איסטהר באָדענ־
דיג איהרע ווייסע גליעדער, אונטער אַן אַריבערהענגענ־
דען ווערבע־בוים. אַרום איהר האָט זיך דאָס וואַסער
געפליושקעט און געשוימעלט, און איבער איהר קאָפּ
האָבען געשפּריצט און געבלישטשעט די וואַסער־טראָ־
פּענס...

שמחזאי'ס מלאך־האַרץ האָט אונטער זיין בעפלי־
געלטער ברוסט זיך מיט אַ ווילדער לוסט צובראָכען...

דעם הימעל האָט ער פאַרגעסען... און ווען אַ פייער
האָט זיך אָנגעצונדען אין דעם מערב, צום צייכען אַז אַלע
מלאכים דאַרפען שירה זינגען, האָט שמחזאי זיינע פליג־
לען אַזוי אויסגעשפּרייט, אַז ער זאָל דעם צייכען ניט
זעהן, און ער זאָל קענען קוקען אויף איסטהר'ס ווייסען
לייב, אויף איהרע שוואַרצע האָאָר־צעפּ, און אויף איהרע
גרויסע דונקעלע אויגען...

און ווען ער האָט גערעדט צו איהר, און איהרע
רויטע ליפּען האָבען זיך געעפענט איהם אַן ענטפער
צו געבען, און איהר שטים האָט אַרויסגעקלונגען אין
דער טייך־ און וואַלד־איינזאַמקייט, האָט זיך שמחזאי'ן
געדאַכט, אַז אַזעלכע שעהנע טענער האָט ער נאָך קיינ־

מאָל ניט געהערט, ניט אויף דער ערד און ניט אויפ'ן הימעל...

און שמחזאי איז געבליבען אויף דער ערד, און גע־גליהט האָט אין איהם בלויז איין בעגעהר — דער בע־געהר צו איסטהר'ן...

יעדען טאָג פלעגען איסטהר'ס ריינע אויגען איהם אָנקוקען מיט אַ געבעט און איהר צונג האָט איהם גע'־מוסר'ט: —

„ווארום געהסטו ניט אין דיין הימעל צוריק?" —

„דיין ווייסען לייב וויל איך" — פלעגט זיין תשובה זיין.

און איינמאָל ווען זיינע ווערטער זיינען געוואָרען הייסער און דרינגענדער ווי געוועהנליך, האָט אין איס־טהר'ס אויג זיך אַ פונק בעוויזען און זי האָט געזאָגט:—

„מיין ווייסען לייב זאָלסטו האָבען, אָבער מיט איין בעדינג..."

„אַלץ, אַלץ..."

„בלויז איין בעדינג... דו זאָלסט מיך דעם הייליגען שפרוך אויסלערנען, מיט וועלכען דו הויבסט זיך אויף צו די הימלען..."

די ברענענדע ליפען האָבען דאָס הייליגע וואָרט ארויסגערעדט...

אָבער ווען שמחזאי האָט געוואָלט איסטהר'ן צו זיין ברוסט צודריקען, איהר די רויטע ליפען קוסען, זיך אין איהרע האָאר פארפלעכטען, און דעם פולען לויהן

פון זיין הימעל־פארשוועכונג געניסען — זיינען זיינע פליגלען פון שרעק צוזאמענגעפאלען...

איסטהר איז אין א ווייסען שטראהל מגולגל געוואָ־רען, און האָט הימעל־ווערטס העכער און העכער זיך גע־הויבען... דאָרט איז זי אלס א לייכטענדער שטערען הענגען געבליבען...

אָבער שמחזאי איז מעהר אין הימעל נים ארויף... א זינדיגער איז ער אויף דער ערד פארבליבען...

.1910

# אדם הראשון'ס שעהנהייט

שעהן, וואונדער־שעהן איז אדם הראשון געוועזן, ווען ער האט צום ערשטען מאל זיינע אויגען געעפענט. צום ערשטען מאל אין זיינע נאז־לעכער די באלזאמדיגע לופט פון דער יונגער וועלט אריינגעצויגען, און צום ערשטען מאל דעם לעבען אנטקעגען געשמייכעלט... כביכול'ס שאַפענדע פינגער האבען אויף זיין פנים זייער שימער פאר־טריפט, און ער האט געלויכטען מיט דער ליכטיגקייט פונ'ם זיבענטען הימעל...

און ווען ער האט זיינע פרישע גליעדער אויסגע־שטרעקט, און הויך און גלייך, מיט געוועלבטער ברוסט, זיין ערשטען שפאציר דורכ'ן גן־עדן געמאכט, האבען אלע גראזען און בלאע בלומעלעך זיך געוואונשען ער זאל איבער זיי זיין וועג מאכען, כדי זיי זאלען קענען די ווייסע הויט פון זיין פוס־זויל א קוש טהאן...

די בליהונגען פון די בוימער האבען זיך פאר דער צייט פון זייערע שטענגלעך אפגעריסען, און זיך גע־איילט אראפצופאלען, אום זיי זאלען פאלענדיג, זיין שולטער אויף א רגע בעריהרען...

די זונן־שטראַהלען האָבען זיך געריסען דורך די צווייג־נעצען, כאָטש איין מינוט צו קענען ארום זיינע שווארצע לאַנגע האָאר ארומטאַנצען...

די פויגלען האָבען אריינגעקוקט אין זיינע גרויסע רוהיגע אויגען, און האָבען געוואָרט ער זאָל פון זיינע ליפען אַ קול ארויסלאָזען... און גאָלדענע ביענען זיינען איהם נאָכגעפלויגען, אום עפּעס פון זיין ריח צו נאַשען, און עס דערנאָך אין זייער האָניג אריינצואָטהעמען...

און די הויכע פּאַלמען האָבען זיך צונעבויגען שפּיץ צו שפּיץ און זיך צוגעמורמעלט : —

„נאָט נעהט אין גן־עדן אום...”

און די מלאכים האָבען דערהערט די שושקעריי פון די פּאַלמען, און זיי זיינען נעקומען ז ע ה ן נ אָ ט....

שירה זינגען האָבען זיי פאר איהם געוואָלט...

און כביכול פון זיין טהראָן האָט זיך מיט זיין אר־בייט נעפרעהט, אָבער שירה האָבען די מלאכים צו ארם'ן נ י ט געזונגען — :

אויף אדם'ס ברעמען איז פלוצלונג אַ שווערער שלאָף געפאַלען, און האלב־טויט זיינען זיינע גליעדער געלעגען אויף דער שטילער ערד...

אַלע האָבען זייער טעות אויסגעפונען... און בע־וואונדערונג האָט זיך אין רחמנות פארביטען...

.1910

# די פֿאַרלאָרענע שפּראַך

אין די ערשטע טעג נאָך דער וועלט־בעשאַפונג, איז צווישען אַלע בעשעפעניסען פון דער וועלט א נאָהנ־טע ברידערשאַפט געוועזען. אַלע האָבען א שפּראַך געהאַט, אויף וועלכע זיי פלעגען זיך צוזאַמענריידען, און דער מענש פלעגט אויך אויף דער דאָזיגער שפּראַך ריידען, און צווישען מענש און גראָז און בוים און טייך און שטע־רען איז קיין סוד ניט געוועזען...

אין שטילע, שטערען־בעשפּריצטע נעכט, פלעגט דער מענש זיצען ביי דעם זוים פון טייך, און א שמועס האַלטען מיט די זילבער־געפלעקטע וועלען, און די ברייטע גרינע בוימער פלעגען זיך אינטים אין דעם געשפּרעך אריינמישען, און די פינקלענדע שטערען פלעגען פון זייער ווייטער הויך, פון צייט צו צייט, זייער טהייל אראָפּ־שושקען...

ווען דער מענש האָט זיך פאַרזינדיגט, האָט זיך א קללה איבער דער גאַנצער וועלט פאַרשפּרייט, און דער לשון האָט איטליכען אָפּגענומען... אויפגעהערט האָבען זיי צו ריידען. און אויף שטום־לשון בלויז, און ווינקען־

דיג, אָדער זיפצענדיג האָבען זיי איינער דעם צווייטען זיך דערקענען געלאָזט...

און אַלע זיינען תמיד בעטריבט און פאַרטראַכט... דען איטליכער זוכט די סודות פון דעם צווייטען צו דער־נעהן, און קען זיי קיינמאָל ניט אויסגעפינען...

דער הימעל קוקט אויף דעם בלאָען טייך, און זוכט פון דעם רונצעלדיגען פּנים, די טיעפע וואַסער געהיימ־ניסען אַרויסצושעפּען... די גראָזען שעפּטשען און שטרע־קען זיך, און ווילען די סודות פון די בוימער כאַפּען... און די בוימער ציהען אויס די שמאַכטענדיגע צווייגען צו דעם זונענאונטערגאַנג, און פרעגען : וואָס מיינען די גאָלדענע וואָלקען ?...

און צווישען זיי געהט אום דער מענש, שטום און פאַרשלאָסען, און מיט פייכט־גליהענדע אויגען, זוכט און פאָרשט ער, די געהיימניסען פון ערד און פון הימעל...

דען די בעשעפעניסען פון דער ערד זיינען פאַר־דעקטע סודות איינער פאַר׳ן צווייטען געוואָרען...

.1910

# דער ערשטער טויט

אויסגעצויגען אויף דעם גראָז איז דער יונגער הבל געלעגען... שטאַר און שטייף זיינען די מעכטיג־נאַקעטע אָרעמס און פים געווען, און אָפענע גלאָצענדע ווייסלעך, האָבען אָהן לעבען צום הימעל ארויפגעקוקט... און פון די שלייפען ביז צום האלז האָט זיך געצויגען אַ רויט־פארגליווערטער פאַם — די חתימה פון טויט, דער זיעגעל פון קין'ם מאָרד...

און אדם פון איין זייט און חוה פון דער אַנדערער זייט, האָבען געקוקט אויף דעם שטילען בר־מנן, און האָ־בען געוויינט און געשריען: —

„הבל, יונגער שטאַרקער זוהן אונזערער, פאַרוואָס „שטעהסטו ניט אויף? פאַרוואָס טרייסעלסטו זיך ניט „אויף פון דיין גראָז־געלעגער, פאַרוואָס לויפסטו ניט מיט „די הינדען גלייך, צווישען די בארג־פעלזען? פאַרוואָס „פייפסטו ניט צו די פויגלען ארום?..."

און אין זיינע פארגלאָזטע שווארצאפלען האָבען זיי אריינגעקוקט, און האָבען מיט אנגסטען געפרעגט: —

„ווען וועלען זיי זיך מיט פייערלעך אנפילען? ווען „וועלען די לאנגע ברעמען זיך בעוועגען אנהויבען?”

דען קיינמאל נאך האבען זיי דעם מ־יט ניט גע־זעהן... ניט פארשטאנען האבען זיי, ניט געוואוסט וואס וועט געשעהן, און וואס זיי דארפען טהאן...

אבער די קלוגע פויגלען ארום האבען געוואוסט אז הבל איז טויט, אז זיינע ליפען וועלען זיך מעהר ניט ריהרען, און זיין בלוט איז אויף אייביג פארפראָרען. זיי האבען שוין זייערע חברים־פויגלען געזעהן טויט פון בוים ארונטערפאלען, און געוואוסט אז דאס איז דער סוף.

און מיט רחמנות האבען די שוואלבען, און די טויי־בען, און די ראבען, געדרעהט זיך אין קרייזען איבער די קעפ פון אדם'ן און חוה'ן, און אויף זייער פויגעל־לשון מנחם־אבל געווען די אלטע...

אבער די אלטע האבען ניט פארשטאנען.

דאן האט א קלוגער ראב פון ערגעץ־וואו אין זיין שנאבעל, א טויטען ראב־קאמעראד געבראכט, און פאר זיי אין די אויגען, האט ער פאר דעם קאלטען פויגעל, מיט זיין שווארצען שנאבעל און זיינע קרומע נענעל א גרוב געמאכט, און איהם דרינען אויסגעבעט און מיט ערד פארשאטען...

האבען אדם און חוה דעם פויגעל'ס קבורה גע־זעהן און האבען פארשטאנען...

אין דעם שאטענדיגען וואלד, האבען זיי פאר זייער קינד א קבר געגראבען, אין דעם פייכטען ערד־שוים האבען זיי זיין יונגען גבור־לייב אריינגעלעגט... א וויי־

כען ערד־מאַנטעל האָבען זיי אויף איהם אַרויפגעשאָטען, מיט גראָז און מיט בלעטער האָבען זיי זיין רוהה־פּלאַץ בעשפּרייט...

און ווען זיי זיינען צוריק פון וואַלד אַרויס, אין דער לעצטער אבענד־רויטקייט, אליין אָהן הבל'ען, האָבען זיי אַ נייעם שוואַרצען געדאַנקען געטראָגען אין זיך — דעם געדאַנקען פון טויט...

און הינטער זיי זיינען די שוואַלבען, און די טויבען, און די ראָבען נאָכגעפלויגען, און מיט מעהר ליעבשאַפט ווי אַלע מאָל, געדעדם צו זיי אויף פויגעל־לשון...

די אַנגסט פון טויט האָט מענשען און פויגעל ענגער צוזאַמענגעקניפּט...

.1910

# דאס ירושה־העמדעל

נאָט׳ס בעפעהל איז ארוים : —

פון דעם שטילען זוננינגען גן־ערן זאָל אדם ארויס־
געהן, אום זיך מעהר אהין ניט צוריקצוקעהרען... מיט פיין
און שוויים זאָל ער זיך מיט דער ערד ראנגלען אום פון
איהר זיין טעגליכען ביסען ארויסצורייסען... מיט בלו־
טיגע פינגער זאָל ער די שטעכע דיגע דערנער אויספליקען
מוזען, אום זיינע זאנגען צו ראטעווען, און זיין לעבען
זאָל זיין מאטערנים, און זיין פרייד — א רגע אָהן וועה־
טאָגען, און זיין האָפנונג — א ק א ר ג ע ר לויהן
פאר ש ו ו ע ר ע מיה...

און ווען גאָט האָט געזעהן דאס עלענדע פּאאר,
שטעהענדיג ביי די טהירען פון גן־ערן, שטום זיך גע־
זעגענענדיג מיט די פרוכט־בעלאָדענע בוימער, מיט די
הויך־שפּריצענדע קוואלען, מיט די וואונדער־פארבינע
קלונע פויגלען — האָט ער אויף זיי גרוים מיטלייד גע־
קריגען און ער האָט אדם׳ען געשאָנקען א העמדעל. און דאס

דאָזיגע העמדעל האָט געהאַט די סגולה, אַז דער וואָס האָט עס געטראָגען אויף זיין לייב, האָט אַרויפגעוואָרפען אַ מורא, אויף אַלע ווילדע חיות און אויף אַלע עופות...

ווען אדם האָט זיינע לאַנגע יאָהרען אויסגעלעבט, און האָט זיך אומגעקעהרט צו דעם שטויב פון וועלכען ער איז גענומען געוואָרען, איז דאָס העמדעל איבערגע־גאַנגען צו זיין יורש...

און אַזוי איז דאָס העמדעל געקומען צו נמרוד'ן.

און נמרוד איז געווען פון דער נאַטור אַ גרויזאַמער מענש, איהם האָט זיך געוועלט געוועלטיגען איבער אַלע־מען, און די קרוין פון אַ מושל בכפו טראָגען, אָבער אַ טרוס איז ער געווען, און מורא געהאַט פאַר זיין אייגע־נעם שאָטען...

האָט ער אָנגעטהאָן אויף זיין לייב אונטער אַלע קליי־דער, דאָס ירושה־העמדעל און האָט גענומען זיין פיילען־בויגען און איז אַרויס אין וואַלד, און וואו ער איז גע־גאַנגען זיינען די חיות און די פויגלען פאַרציטערטע גע־וואָרען, און לייבען און לעמפּערטען און טיגערם זיינען נאָהנט צו זיין בויגען געקומען, און זיך ניט וועהרענדיג, געלאָזט זיך שיסען אָדער פאַנגען...

איז נמרוד'ס נאָמען אַרויס איבער דער גאַנצער וועלט. זיינע גבורות האָט מען זיך דערצעהלט, זיינע העלדישקייטען געריהמט, ביז ער איז דער קעניג איבער אַלע מענשען געוואָרען, און אַלע האָבען געהאָרכט דעם בעפעהל פון זיין מויל...

ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט אַז זיין גבורה קומט בלויז פון דעם נע׳ירשנ׳טען העמדעל...

און טאָג פאַר טאָג איז נמרוד שטאָלצער געוואָרען, ביז די ערד איז איהם וועניג געוואָרען, און ער האָט אויך דעם הימעל בעצווינגען געוואָלט...

טויזענדער מענשען האָט ער צוזאַמענגערופען און האָט זיי געהייסען בויען אַ הויכען־הויכען טהורעם, אַזעל־כען וואָס זאָל ביז צום סאַמע הימעל אַרויפשטייגען.

און די מענשען האָבען געטהאָן זיין בעגעהר און האָבען געשלעפּט לעהם און ציגעל און געבויט דעם טהור־רעם פאַר נמרוד׳ן... און וואָס העכער דאָס געביי איז געוואָרען אַלץ שווערער איז געוואָרען דאָס לעהם־שלעפּען און דאָס ציגעל־ברענגען...

ווען זיי זיינען שוין געווען גאַנץ הויך, פלעגט דער טרוס נמרוד, אָנגעטהאָן אין זיין גע׳ירשנ׳טען גבורה־העמד, שטעהן אונטען און אָנקוועלען... און ווען אימע־צער פון די לעהם־שלעפּערס וואָס האָבען פון אונטען אַזוי ווי די מוראשקעס אויסגעזעהן, האָט זיך אַרביימענדיג אויסגעגליטשט, און איז אַ צושאָטענער אויף טויט אַרונ־טערגעפאַלען — פלעגט נמרוד זיך צומאָל ניט אומקוקען...

„איך האָב אַ סך" — פלעגט ער זאָגען.

אָבער ווען אַ ציגעל פלעגט אַרונטערפאַלען, פלעגט ער מלא חמה ווערען.

„אַ הונדערט נפשות — איידער אַ ציגעל פון מיין בנין" — פלעגט ער שרייען...

דאן האָט גאָט צו זיינע מלאכים געזאָגט : —

„געהט און צומישט די שפּראַכען פון די וואָס אַר־ביּיטען אויף דעם דאָזיגען טהורעם, און זאָל דער זינ־דיגען בנין אויפהערען א דאָרן אין מיינע אויגען צו זיין..."

.1910

# דער וואונדער־שטעקען

ווען דער זעקסטער טאָג פון דער וועלט־בעשאַפונג האָט זיך געהאַלטען ביים אויסלעשען, און באַלד־שוין האָט געזאָלט אָנקומען דער אבענד פון רוה — האָט גאָט בעשאַפען דעם וואונדער־שטעקען...

און ער האָט אויף איהם זיין איינענעם נאָמען אויסגעשניטען, און ערד און הימעל, זונן און לבנה, וועלען און פעלזען האָבען א בעפעהל געקריגען, צו געהאָרכען דעם שטעקען׳ס מאכט...

און דאַן האָט איהם גאָט אוועקגעשאָנקען צו אדם׳ן אין גן־עדן, און אדם האָט איהם איבערגעלאָזען בירושה צו חנוך׳ן, און ווען חנוך איז לעבעדיגערהייד ארויף אין הימעל, האָט ער איהם צו זיין עלטסטען זוהן איבערגע־לאָזען. און אזוי איז דער וואונדער־שטעקען איבערגע־געבען געוואָרען פון פאָטער צו זוהן, ביז עס איז אין יוסף׳ס הענד געקומען.

נאָך יוסף׳ס טויט, ווען די קינדער פון ישראל זיינען אין פינסטערען גשן פארטריבען געוואָרען, און זיינען פארשקלאפטע לעהם־שלעפער ביי די מצריים געוואָרען,

האַט מען דעם שטעקען צוגענומען אין דעם פּאַלאַץ פון דעם עגיפּטישען קעניג.

און יתרו וואָס איז געווען איינער פון די חרטומים און צויבערער פון פּרעה, האָט דעם דאָזיגען וואונדער־שטעקען דערזעהן, און האָט איהם ארויסגע׳גנב׳עט און האָט איהם איינגעפלאַנצט ביי זיך אין גאָרטען, וואו ער האָט ארויסגעלאָזען שעהנע בליהונגען...

אָבער קיינער ניט, אפילו יתרו אליין מיט זיין גאַנ־צער צויבערער־קראַפט, האָט צו דעם בוימעל צוגעהן גע־קענט. אַ פאַרבאָרגענע האַנד האָט איטליכען וואָס האָט געוואָגט עס אָנצוריהרען, אָפּגעשליידערט צוריק...

ווען דער יונגער משה איז געקומען צו יתרו׳ן און איז אין יתרו׳ס גאָרטען אריין, איז ער אָהן שרעק צו דעם וואונדער־בוים צוגעגאַנגען. און נאָכדעם ווי ער האָט דעם איינגעקריצטען נאָמען פון גאָט איבערגעלייענט, האָט ער דעם שטאָם פון דער ערד ארויסגעצויגען, און דער שטעקען האָט זיך ניט געווערט...

דער אַלטער צויבערער האָט עס דערזעהן, און ער האָט צו זיינע טעכטער אויסגעשריען : —

„אָט ד ע ר מאַן וועט די אידען פון מצרים בע־פרייען...“

.1910

# דאָס פּאָר

פּאָאר־ווייז זיינען אַלע בעשעפּעניסען פון דער וועלט געקומען צו נח'ס תבה ער זאָל זיי אריינגעהמען... קיינער אָהן אַ זווג איז ניט אריינגעלאָזען געוואָרען. דען דער בע־פעהל פון גאָט איז געווען : „נעהם אריין צו פּאָאר פון יעדער מין וואָס לעבט אויף דער ערד".

און ווען די מהויערען פון דער תבה האָבען שוין געזאָלט צוגעריגעלט ווערען, איז היגקעדיג געקומען צולויי־פען דער ליגען : —

— נעהם מיך אריין אין דיין תבה ! — האָט ער זיך ביי נח'ן געקליאגעט.

— וואו איז דיין פּאָאר ? — איז געווען דער ענט־פער.

— איך האָב ניט קיין פּאָאר. אַלע פלעגען מיך פארשטויסען ווייל איך בין מאוס, — האָט זיך דער ליגען געבעטען — נעהם מיך אריין אליין.

— ברענג אַ פּאָאר אָדער ווער אין מבול פאר־טרונקען !

און שנעל געלאָפען איז דער ליגען, געזוכט, געפרעגט, ביז ער האָט די קללה בעגעגענט.

— ווילסטו מיין זיווג זיין? — האָט דער ליגען געפרעגט.

— וואָס וועסטו מיר אַלס נדן געבען? — האָט איהם די קללה צוריקגעפרעגט.

— איך האָב גאָרניט. אָבער מיר וועט די וועלט גע־הערען. מע לאָזט מיך אין תבה ניט אריין, מיט דיר וועט מען מיך אריינלאָזען. און דאַן ווען דער מבול וועט זיין אריבער און איך וועל ווידער אויף דער פרייער וועלט ארויס, דאַן וועט אַלץ וואָס איך וועל פאַרדינען אין דיין האַנד זיין.

און די קללה האָט איינגעשטימט. און נח האָט ביידען אריינגענומען.

און ווען זיי זיינען ארויס פון דער תבה האָט דער ליגען אוצרות געזאַמעלט, רייכטהימער אָנגעשאַפט אָבער זיין זווג האָט אַלצדינג צוגענומען. אַזוי איז דער אָפּמאַך געווען...

און דער ליגען איז תמיד געבליבען אָרעם...

.1910

# אברהם אבינו'ס דימענטשטיין

ביי דעם טראקט וואס האט זיך געצויגען צו דעם הייסען מדבר, אונטער ברייטע שטענדיגע אייכענבוימער, איז געשטאנען דאס הויז פון אברהם אבינו.

ווען די מיטאג־זונן האט צוגליהט די לאנדשאפט ארום און ארום און דער זאמד־וועג האט ווי א געלע שלאנג אויסגעזעהן פון דער ווייטען, פונקלענדיג, און זיך דרעהענדיג ביז צום הימעל'ס ראנד אוועק — פלעגט אברהם שטעהן ביי זיין טויער, און מאכענדיג פון זיין לינקער האנד א שירעם פאר זיינע אויגען פון די ברע־נענדע שטראהלען, פלעגט ער קוקען צי עס קומט ניט אימעצער אן אויפ'ן שליאך... האט ער פון ווייטען דעם פלעק פון א ווייסען טורבאן דערזעהן, אדער דעם מאטען קלונג פון קעמעל־גלעקלעך געהערט, פלעגט זיין הארץ מיט פרייד אויפשפרינגען...

און ווען די וואנדערער זיינען ביז צו די אייכענ־בוימער געקומען, פלעגט ער זיי אנטקעגען לויפען, און אליין פלעגט ער זייערע קעמלען אפזאטלען, און קאלטע וואסער פונ'ם קוואל, און מילך און פריש־געבאקטע מעהל־קוכענס, פאר די מיעדע געסט ברינגען...

און ווען זיי פלעגען האבען זייער דורשט געשטילט

און זייער הונגער געזעטיגט, און זייערע גליעדער אויס־
גערוהט אין דעם קיהלען שאָטען, און האָבען זיך ווידער
פאַרטיג געמאַכט צום וועג, פלעגט זיי אברהם בענשען.

האָבען זיי זייערע גאַרטלען אויפגעמאַכט און פון
דאָרטען זילבערשטיקער ארויסגענומען, אָדער אימעצער
האָט דאַנקען געוואָלט — פלעגט אברהם זיי זאָגען: —

„דאַנקט דעם גאָט פון דער קוואַל און דעם גאָט פון
די פעלדער, וואָס איהר האָט מיט זייער טראַנק און מיט
זייער פרוכט זיך געקוויקט...״

און אויף דעם האַלז פון אברהם'ען איז א טהייערער
דימענטשטיין געהאַנגען. ווער עס איז געקומען מיט א
ביטערען געמיטה, אָדער קראַנק, פלעגט פון דעם שטיין
א היילונג קריגען...

און אברהם פלעגט ליעבליך שמייכלען ווען ער
פלעגט די געהיילטע זעהן, און זיין פנים פלעגט שיינען
אזוי ווי דער דאָזיגער דימענטשטיין... און ווען עס איז
געקומען די שעה, און אברהם האָט זיינע גוטע שמייכעל־
דיגע אויגען אויף אייביג צוגעמאַכט, האָט אַן אונגע־
זעהענע האַנד דעם דימענטשטיין פון זיין האַלז ארונ־
טערגענומען, און אויפגעהאַנגען אויף דער זונן...

פון דאַמאָלסט אָן זיינען די שטראַהלען פון דער
זונן א רפואה פאַר קראַנקע געוואָרען....

און ווען א חולה־מסוכן נאָך א שווערער פיבער־נאַכט,
שמייכעלט אַקעגען די ערשטע שטראַהלען פון דער זונן
און ווערט געזונט, איז עס דער דימענטשטיין פון אברהם,
וואָס האָט איהם א רפואה געבראַכט...

.1910

# מתן תורה

## .1

אין דער פריה איידער די תורה האָט געזאָלט גע־געבען ווערען, האָבען כתות מלאכים ארומגערינגעלט דעם שטראהלענדען כסא הכבוד און געבעטען האָבען זיי:

„נאָט פון ליכט און פון שעהנקייט, דו ווילסט דיין אוצר פארשענקען צו די שקלאַפען וואָס דו האָסט פון מצרים ארויסגעפיהרט. אָבער פארקריפעלט זיינען זיי, און געבויגען, מיאוס איז זייער געשטאלט פון לעהם־שלעפען געוואָרען... ווילסטו זיי זאָלען מיט זייער העסליכקייט דיין שכינה אנטקעגען־קומען? ווילסטו זיי זאָלען, גע־בראָכענע און געפייניגטע, דיינע ווערטער צונעהמען?..."

האָט גאָט זיינע היילענדע שלוחים ארונטערגעשיקט. קוויקענדע רופטען זיינען זיי אין אלע צעלטען אריינגעדרונגען, און מלאכים־פליגלען האָבען געוועהט איבער איטליכען געלעגער, און געשושקעט אין די אויערען פון יעדען שלאָפענדען שקלאף...

שפעטער, ווען די העלע זונן האָט ארויסגעבראָכען אויף דעם מדבר, און דער טרומפייט האָט געשאלט צו „קבלת התורה", האָבען זיך די צעלט־גארדינען געעפענט. און צום בארג סיני זיינען געגאנגען שטאָלצע, קרעפטיגע, שעהנע געשטאלטען...

א פאָלק פון פרינצען זיינען עס געווען... און א הימעל־חן האָט ווי א קראנץ פון רויזען בעציערט איט־ליכען שטערען...

---

.2

אויף זיין ריכטער־שטוהל איז דער בורא געזעסען, און פאר איהם זיינען אויף שטראהל־געפלאָכטענע קייטען, די וואָג־שאָלען פון אמת געהאנגען... און צו די זונען און צו די פלאנעטען איז זיין אורטהייל ארוים : —

„היינט וועל איך מיין פאָלק מיין תורה אלס מתנה דערלאנגען... פון לאנגע אייבינקייטען האָב איך געווארט אויף היינטיגען טאָג, און ווארטענדיג האָב איך בעשאפען. איצט זאָל עס געשעהן, און אייער שיקזאל וועלען ז י י ענטשיידען...

„וועלען זיי מיין געשאנק אָננעהמען, דאן זאָלט איהר זיך אין אייערע קרייזען דרעהען און ליכט און ווארעמ־קייט פארשפרייטען און מיט די מלאכים שירה זינגען...

„אויב נ י ט, זאָלט איהר ווידער אין כאָאָס פארשלונגען ווערען, און פינסטערניס און פוסטקייט זאָל

זיין ארום מיין טהראָן... מיין פלוך־אטהעם זאָל אייך אין תהו־ובוהו פארוואנדלען..."

און ווען פון דעם פלאמענדען סיני־בארג האָט ארונ־טערגעשאלט צום מדבר־פאָלק דער אָנפרעג : —

„ווילט איהר מיינע ווערטער אָננעהמען ?"

האָבען די זונן און די שטערען פון אנגסטען זיך באשאָטענט, און ציטערנדיג האָבען זייערע שטראהלען ארומגעטאנצט ארום די קינדער פון ישראל...

„מיר ווילען טהאָן און געהאָרכען..." —

האָבען ששים רבוא העלזער ארויסגערופען זייער ענטפער... און א פרייד־געשריי איז פון שטערען צו שטע־רען געלאָפען...

---

.3

„דער גאָט פון ראכע בין איך"...

אויף דעם הונדערט־טויזענד קעפיגען מענשען־ים איז א בלייענער שרעק געפאלען... די לעבעדיגע ווילען האָבען זיך אויפגעהערט צו רודערען און צו ריהרען, און דער דו־נער האָט זיך געקייקעלט איבער א שטומער בית־עולם־מאסע, אין דער מורא'דיגער שטילקייט פון דער מדבר... דער אָטהעם איז איטליכען פון פחד פארגאנגען און די נשמה איז ארויס...

סיני האָט פון טויזענד וואולקאן־מיילער רויכיגע פלאמען געשפיגען, און די פלאמען האָבען זיך איינאנ־

דער געשלונגען און זיך געצויגען פון הימעל, באלד ווייס, און באלק געל, און באלד רויט...

אָבער דער שימער פון די פלאַמען איז געפאלען אויף פארגלאָזטע אויגען, אויף שטארע בר־מנן ווייסלעך . . . קיינער האָט ניט מעהר געזעהן, קיינער האָט ניט מעהר געהערט...

דאָך באלד האָט א זיסער באלזאמדינגער טהוי פון דער העלער לופט, פון דעם לאזור־קלאָרען הימעל, ארונ־טערגעטריפט אויף די פארגליווערטע פנים׳ער, און ווי פלייטען־קלאנג האָט גענומען טרעלען : —

„איך האָב אייך פון מצרים ארויסגעפיהרט און מיינע געליעבטע קינדער זייט איהר...״

און די מתים־מאסע האָט זיך א טרייסעל געטהאָן, א שטורעם פון פרייד־זיפצען האָט דעם שטילען זאמד אויפגעווירבעלט...

און זעקס מאָל הונדערט טויזענד אויערען, האָבען ווידער זיך צוגעהערט צו דער שטים פון גאָט...

.1910

# דער געזעגעגבער

ווי א וועל וואס טראגט זיך און שפרייט זיך פאר־
נאנדער, ביז זי שלאגט זיך אפ אן א ווייטען פארוואר־
פענעם ברעג, אזוי האט זיך געטראגען און געשפרייט ביז
זי איז אנגעקומען אין א ווייטען קעניגרייך פון מארגענ־
לאנד — די נאכריכט : —

„אין דעם גרויסען מדבר וואס ציהט זיך פון מצרים
ביז כנען, וואנדערט א פאלק פון זעקס מאל הונדערט
טויזענד מענשען, געפיהרט פון א גאט אין דער געשטאלט
פון א מענשען, און די אלע זעקס מאל הונדערט טויזענד
לעבענס הענגען אפ און ווערען גענעהרט און אויפגע־
האלטען פון איהם, דען זיין הארץ איז אן אוקינוס פון
ליעבע, און דער מינדעסטער פון זיי איז איהם טהייערער
און ליעבער, ווי דאס שווארצאפעל פון זיין אויג..״

און דער קעניג פון דעם דאזיגען ווייטען קעניגרייך
האט געהערט דערפון, און ער איז געוואָרען פארטראכט,
און וואו ער איז געגאנגען האט פאר איהם געשימערט

דאָס בילד פון דעם מאַן וואָס זיין האַרץ איז אַן „אוקינוס פון ליעבע".

האָט ער געשיקט רופען די גרעסטע קינסטלער פון זיין לאַנד, זיי געהייסען אויסקלייבען פון צווישען זיך דעם פעהינסטען און דעם געשיקטעסטען, און צו איהם געזאָגט: —

„אַ גרויסען חיל וועל איך מיט דיר שיקען, און קעמלען בעלאָדען מיט כל טוב, און דו וועסט געהן און דו וועסט דעם גרויסען מאַן געבען די מתנות און דאַן וועסטו זיין בילד אויף דיין לייווענט אויסמאָלען און וועסט עס מיר ברענגען, אום איך זאָל קענען זיין הייליג געזיכט האָבען פאַר מיר יעדען טאָג".

און אַ גרויסער קינסטלער איז דאָס געוועזען. האָט ער אַ רויז אויפגעמאָלט, פלעגען די ביענען קומען זייער האָניג־זאַפט פון איהר צו ציהען, און האָט ער פויגלען געמאַכט פלעגען מענשען די הענד אויסשטרעקען אום זיי צו כאַפּען. —

האָט געוואַנדערט און געוואַנדערט דער קינסטלער, און הינטער איהם דער חיל, ביז זיי זיינען געקומען דאָרט וואו די שבטים האָבען זייערע געצעלטען אויפגעשלאָגען. אָבער ווען ער האָט געפרעגט וואו איז דער גרויסער מאַן, ער זאָל איהם די מתנות קענען אָפּגעבען, האָט מען די קעפּ געשאָקעלט, און אימעצער האָט איהם געזאָגט: —

„זיין געלעגער איז אויף דער ערד, זיין צודעק איז זיין לייווענט־מאַנטעל, און זיין שפּייז וועניגער ווי די שפּייז פון דעם פויגעל אין דער לופט..."

גראד דאן איז משה פארביינעגאנגען... אבער דער שליח האט ניט פרובירט איהם זיינע געשאנקען אויס־פעקלען. נאר אויף זיין געזיכט האט ער געקוקט און א ציטער איז דורכגעלאפען דורך אלע זיינע גליעדער...

דעם קעניג'ס פארלאנג האט אבער אויסגעפיהרט ווערען געמוזט.

האט ער זיך הינטער דעם הייליגען מאן'ס געצעלט פארלויערט און מיט זיינע איידעלסטע פארבען, שטריך נאך שטריך פון דעם פראפעט'ס געזיכט געפינזעלט, ביז א צווייטער פראפעט האט אויף דעם טויטען לייוועגט אויפגעלעבט...

צוריק האט דער חיל געוואנדערט. אבער ווען דער קינסטלער האט דאס בילד געבראכט פאר דעם הערשער פון דעם ווייטען קעניגרייך אין מארגען־לאנד, איז דער לעצטער אויפגעשפרונגען פון צארן : —

„נידערטרעכטיגער ליגנער — האט ער געשריען — „ווילסטו דיין קעניג אפנארען ? איז דאס די געשטאלט „פון דעם מאן וואס זיין הארץ אין אן אוקינוס פון ליעבע ? „די ליפען זיינען צוזאמענגעפרעסט, די אויגען זיינען „פייערדיג און גרויזאם? דאס איז א געבארענער טיראן...”

אומזיסט האט דער קינסטלער געשווארען, אז זיינע הענד האבען נאך קיינמאל אזוי טריי ניט געדיענט, אז קיינמאל איז איהם נאך נישט געלונגען צו בעפעסטיגען דעם אמת אויף לייוועגט ווי איצטיגעס מאל. מיט זיין לעבען האט בעצאהלען געמוזט...

און אַ צווייטען קינסטלער האָט דער מלך געשיקט. און די געשיכטע האָט זיך ווידערהאָלט. און נאָך איינער איז געפאַלען אַ קרבן פון דעם קעניג'ס צאָרן. און אַ דריטער איז אַוועק אויף דעם קעניג'ס שליחות, און דער פּנים אויפ'ן בילד איז נאָך הארטער און נאָך גרויזאַמער געווען.

ווען אַ פיערטער איז צוריקגעקומען און האָט ציטערנדיג זיין טויט־אורטהייל ערוואַרטעט, איז דער קעניג פאַרזונקען פּלוצלינג אין אַ פינסטערע שווייגעניס, און דעם קינסטלער האָט ער מעהר ניט געהייסען טייטען...

און אַליין איז ער אַוועק אויף דער רייזע צום מדבר, אָהן חיל און אָהן מתנות, ביז ער איז געקומען צו דעם נביא'ס געצעלט. און ווען ער האָט זיין פּנים דערבליקט, האָט אַ שרעק איהם פאַרפראָרען דעם מאַרך.

די קינסטלער האָבען איהם ניט גענאַרט: אַ געבאָרענעם טיראַן'ס געזיכט האָט ער פאַר זיך געזעהן.

ציטערנדיג אין גאַנצען קערפּער איז ער דאַן געפאַלען דעם נביא צו די פיס, און האָט געזאָגט: —

„הייליגער, דו ביזט דער מאַן וואָס זיין הארץ איז „אַן „אוקינוס פון ליעבע", און איך האָב דיין בילד תמיד „פאַר מיינע אויגען האָבען געוואָלט. און שלוחים האָב „איך אהער געשיקט, די גרעסטע קינסטלער, און ריכטיג „האָבען זיי דיך געמאָלט און האָבען דערפאַר מיט זייער „לעבען בעצאָהלט, רען די שטריכען פון דיין פּנים זיינען „פון אַ „געבאָרענעם טיראַן". —

און דער פראָפעט האָט דעם קעניג מיט צאָרן אָנגעקוקט, און האָט איהם געהייסען געהן צוריק אין זיין

לאנד, און זיין רעשט פון לעבען פארברינגען אין תשובה און טרויער אויף זיינע אונשולדינע אפּפער...

„אבער ביזט דו ניט דער מאן וואס זיין הארץ איז „אן אוקינוס פון ליעבע" ?... — האט דער מלך בלייך און געבראכען געפרעגט.

„איך בין עס... אבער איך בין דער  ג ע ז ע צ ג ע־ „ב ע ר  און דער פיהרער פון א פאלק".

און אין זיין געצעלט איז דער נביא האסטיג פאר־ שוואונדען געווארען...

.1911

# כביכול'ס טהרערן

איידער די פארצעהרענדע פלאמען האבען דעם בית המקדש אנגעריהרט, האט א גארב פון ווייסע פייער־זאנ־נען ארויס פון דעם בנין, צו דעם הויכען הימעל ארויפ־געפלאטערט...

די שכינה האט איהר וואוינונג פארלאזען און איז צוריק צו גאט'ס טהראן ארויף.

און ווען דער דיקער רויך פון די פלאקערנדע ווענד איז חוצפה'דיג ארויפגעשטיגען, האט זיך ארום כביכול'ס שטערען א שווארצער וואלקען געוויקעלט, און אין זיינע אויגען זיינען צוויי טהרערען געשטאנען...

איבער אלע וועלטען האט זיך א שווערע מרה־שחורה פארשפרייט, די ווייסע פליגלען פון די מלאכים זיינען דונקעל געווארען, און אויפגעהערט האט דאס ליעד פון די פלאנעטען...

דער תהו־ובהו האט זיין פינסטערען שלונד געעפענט און זיך מכין געווען, אלץ וואס דער בורא האט אין די ששת ימי בראשית בעשאפען, צו פארשלינגען...

און אַ מורא׳דיגער שטורעם האָט דעם וועלטען־בוי
הין און הער געשליידערט. די אייבּיגע פונדאמענטען
האָבען זיך געוואַקעלט... כביכול׳ס זיפץ איז עס געווען...

און מטטרון וועלכער שטעהט תמיד נעבען גאָט׳ס
שטוהל, און איז איבער אַלע מלאכים געשטעלט, האָט
זיך צום פוס־בענקעל פון כסא־הכבוד געבויגען און גע־
בעטען : —

„הארר פון ליכט און פינסטערניס, געוועלטיגער פון
אַלע וועלטען, לאָז מ י ך דיינע טהרערען ווייגען, און
זאָל דיין בליק ווידער ליכטיג ווערען, און זאָל ניט
דיין ווערק פאַרניכטעט ווערען....״

האָט זיך כביכול׳ס שטוהל איבער אַלע וועלטען
אויפגעהויבען, העכער און העכער, דאָרט וואו קיין
מלאך׳ס אויג קען ניט דערגרייכען, דאָרט וואו גאָט האָט
זיינע וועלטען געטרוימט איידער ער האָט זיי בעשאַפען.
און דאָרט האָט כביכול אין איינזאמקייט, אין פאַרבער־
גענים געוויינט...

.1910

# די ליעבלינגען פון גאט

איידער די נשמות ווערען אראפגעשיקט אויף דער זינדיגער ערד, שוועבען זיי ארום ווי קליינע פייערדיגע זומער־פויגעלעך אין דעם אונענדליכען רוים פון די וועל־טען, מיט דינענקע מילך־ווייסע פערעמלך בעהעפט צו דער שכינה... וואס מעהר זיי דערווייטערען זיך פון כביכול׳ס טהראן, אלץ מעהר שפינען זיי ארוים פון זיך די ראזיגע פערעמלעך, און ווען זיי דערנעהנטערען זיך וויקלען זיי זיי ארויף, אויף זייערע קליינע ליכטיגע פלי־געלעך.

און אלע האבען זיי ליעב, אי גאט אי זיינע מלאכים. און פאר זיי איז ניטא קיין פארשלאסענער פלאץ. אומע־טום מעגען די שעהנע נשמה׳לעך ארומפלאטערען, און א גרויסער גלאנצענדער מלאך ווען ער פליהט דורך, רודערנדיג מיט זיינע ריעזיגע פליגלען, בלייבט העגגען אין עטהער, און שמייכעלט ווען ער זעהט מחנות פון זיי ארומטאנצענדיג אויף די ווייטע פעלדער פון הימעל...

מיט אמאל שאלט א טראמפייט, און א זילבער־העלער קול רופט אויס : „די און די נשמה זאל אריין

אין דעם און דעם מוטערלייב". און איינע פון די מיליאָ־נען נשמות דערשפירט ווי די דינענקע מילך־פּעדעמלעך פּאַלען אַרונטער לויז פון איהר פליגעלע... אימעצער האָט אָפּגעשניטען זייער צוזאַמענבאַנד מיט'ן כסא הכבוד... און פיעל פון די מלאכים, ווען זיי דערזעהען עס, ווישען מיט זייערע שנעע־פעדערען אַ ליכטיגע טהרער אַרונטער... אָבער גאָט'ס בעפעהל מוז געשעהן —.

און די נשמה קנייטשט זיך אויף און ווערט נאָך קלענער, און איז בעקלעמט און בעטריבט... און כביכול אליין איז אין גרויס עצבות...

אַ שליח שיקט ער איהר נאָך, ער זאָל מיט איהר לערנען אין דעם לייב וואו זי וועט ליגען צונויפגע־קנוילט וואַרטענדיג אויף געבורט... איבער דעם עובר צינדט דער מלאך מיט זיין אָטהעם אָן אַ ליכט, און ער לערנט מיט איהם טאָג און נאַכט, די פאַרבערגעניסען פון דער תורה, און די געהיימניסען פון דער וועלט־בעשאַפונג...

אָבער ווען עס קומט די צייט פון געבורט, בלאָזט דער מלאך אויס דאָס ליכט, גיט דעם קליינעם נפש'ל אַ שנעל אויף דער ליפּ און זאָגט: —

„איצט זאָלסטו אַלצדינג אַליין לערנען... און וואָס דו וועסט אויסלערנען זאָל זיין דיין אייגענס — דער לוין פון מיה, דער שכר פון פלייס..."

און די טהרער וואָס די נשמה וויינט, בלייבט נאָך, אַלס פייכטער טהוי אויף די ברעמען פון דעם ניי־גע־באָרענעם קינד...

— וואַקסט דאָס קינד און נאָט וואַרט: —

„ווען וועט עס שוין אנהויבען צוריקלערנען וואס עס האט פארגעסען ?"

און אין דעם טאג וואס דאס קינד הויבט אן געהן אין חדר, שמייכעלט כביכול און זאגט :

„געבענשט זאל עס זיין".

אבער דער שווארצער מלאך־המות לויערט אויף די דאזיגע ליעבלינגען פון גאט, און טראגט פיעל פון זיי אוועק אונטער זיינע וויסטע פליגלען, איידער מע האט זיי אין א טלית איינגעוויקעלט און צום רבי'ן געבראכט, אום אלף־בית צו לערנען...

ביים טויער פון הימעל ווארט שוין אויף דעם יונגען עופה'לע גאט אליין, בכבודו ובעצמו, און פיהרט עס אוועק אין ז י י ן חדר...

אין טויזענדער האלב־רונדע רייהען אויף בענק פון גרינע זמאראגד־שטיינער מיט דימענטענע געלענדערס, זיצען די יונג־געשטארבענע קינדער און דער מלך מלכי המלכים זיצט אויף זיין שטוהל, און האלט א לאנגען, פון סאפיר געמאכטען טייטעל, און לערנט מיט זיי...

און איבער די הימלען טראגען זיך די עבא'ס פון די קינדערשע קול'כלעך ווי זיי חזר'ן נאך אין כאר די ווער־טער פון גאט...

און דרויסען שטעהען כתות פון מלאכים און הארכען ענטציקט...

.1911